ז. סלאָנימסקי

# דער פּויערן־אויפשטאַנד אין רוסלאַנד

(פּוגאַטשאָוו)



פאַרלאַג „גראַשן־ביבליאָטעק"

1933 וואַרשע

דער פויערן-בונט אונטער דער אָנפירונג פון יעמעל-
יאַן פוגאַטשאָוו איז געווען די ערשטע רעוואָלוציע אין רוס-
לאַנד, דער ערשטער אויפשטאַנד קעגן דער צאַרישער זעלבסט-
הערשאַפט און דער שרעקלעכער אונטערדריקונג פון די
לייב-אייגענע פויערן מצד די פריצים. דאָס ערשטע מאָל
איז אויפגעשטאַנען דאָס פאַרשקלאַפטע, געפייניקטע רוסישע
פויערטום און געוואָלט פון זיך אַראָפוואַרפן די הערשאַפט
פון די פריצים און די בייטש פון צאַר.

צוויי יאָר צייט האָט געדויערט די דאָזיקע מעכטיקע
פאָלקס-באַוועגונג, וועלכע איז באַקאַנט אין דער געשיכטע
אונטערן נאָמען: פוגאַטשאָוו-בונט. די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע
האָט אַרומגענומען אַלע דרום-מזרח גובערניעס פון רוסלאַנד
און געדראָט צו פאַרניכטן די הערשאַפט פון יעקאַטערינע
די צווייטע.

די לאַגע פון די פויערן איז אין יעקאַטערינעס צייטן
געווען שרעקלעך.

„פון איין עק רוסלאַנד ביז צום אַנדערן — דערציילט
דער היסטאָריקער קאָסטאָמאַראָוו — האָט מען אין יעקאַטע-
רינעס צייטן געהערט דאָס פייפן פון די בייטשן איבער די
נאַקעטע רוקנס פון די לייב-אייגענע פויערן און די געשרייען
פון די געפייניקטע האָבן זיך יאָמערלעך געריסן צו די
הימלען.“

דאָס געדרויד פון פאָלק האָט געמוזט פלאַצן. ווי די פייערשפּייענדיקע לאַווע פון אַ ווולקאַן־באַרג — אַזוי האָט אַ בראַז געטאָן דער צאָרן פון די פּויערן בעת דעם פּוגאַ־טשאָוו־בונט. איבער די וולאַדימירער, ריאַזאַנער, פּערמער, אַסטראַכאַנער, קאַזאַנער גובערניעס, איבער די קירגיזישע סטעפּעס און דעם באַשקיריען־לאַנד ביז צו די גרענעצן פון סיביר, איבער דעם גאַנצן דאָנער קאַנט און אוראַלער געגנט האָט זיך אַ גאָס געטאָן אַ ברייטע כוואַליע פון פּויערישן פּראָטעסט און נקמה.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער בארימטער בונט אונטער דער אָנפירונג פון יעמעליאַן פּוגאַטשאָוו.

# „צאַר פּיאָטר דער דריטער לעבט!..“

אין די דערפֿלעך און „סטאַניצעס“ פון יאַאיצקער (אַ-ראַלער) קאָזאַקן-ישוב האָבן אין יאָר 1772 אָנגעהויבן אַרומ-צוגיין קלאַנגען, אַז דער צאַר פּיאָטר דער דריטער, וועלכן די צאַרין יעקאַטערינאַ די צווייטע האָט דערמאָרדעט*), לעבט נאָך אין דער אמתן. מ'איז געקומען און איבערגעגעבן, אַז ער האָט זיך באַוויזן צווישן די פּויערן און קאָזאַקן אין דער געגנט פון יאַאיצק. פאַרנאַכט, צוריקקומענדיק פון סטעפּ, פלעגן זיך די קאָזאַקן אַוועקזעצן נעבן זייערע הייזלעך און דערציילן מיט אַ סודותפֿול קול:

— ס'האָט זיך באַוויזן עפּעס אַ יונגערמאַן, אַ הויכער, אַ קרעפּטיקער, מיט אַ לייַנ־שטים. אים גייט־נאָך אַ מחנה אָנהענגער, און די דאָזיקע אָנהענגער זיינע באַשטעטיקן, אַז דאָס איז ער טאַקי, דער צאַר פּיאָטר דער דריטער אַליין. מאָדנע געדאַנקען פאַרשפּרייט ער, עפּעס גאָרניסט, ווי קיין צאַר. זאָל עס טאַקע זיין אמת? שווער צו גלויבן.

— וואָס אַזעלכעס? וואָס אַזעלכעס? — האָבן די צו-הערער נייגעריק גענומען פרעגן דעם דערציילער.

— דער דאָזיקער יונגערמאַן, אָדער, אפשר, טאַקע ווי מען זאָגט — דער צאַר פּיאָטר דער דריטער — דער-ציילט, אַז די צאַרין האָט אונטערגעשיקט מענטשן,

*) זע ... „ביבליאָטעק“ נומ. 8 „די [illegible]“

זיי זאָלן אים דערהרגענען, אָבער ער האָט זיך, ווי דורך אַ נס, געראַטעוועט און איז אַנטלאָפן אין יאַאיצקער קאַנט. פאַרוואָס די צאַרין האָט אים געוואָלט דערמאָרדן? הערט־זשע, ברידער, וואָס ער דערציילט ווייטער: ער האָט נישט געקאָנט מער צוזען, ווי ס'פּייניקן זיך די לייבאייגענע, ווי מען באַהאַנדלט דאָס פּראָסטע פאָלק. האָט ער געוואָלט באַפרייען די פויערן פון דעם פּריצס ממשלה און געבן אַלעמען ערד. די צאַרין איז אָבער זער אַ שלעכטע און זי איז אויף דער זייט פון די פּריצים. די פירשטן און גראַפן האָבן זי דעריבער איבערגערעדט, אַז זי זאָל דערהרגענען איר מאַן און אַליין פאַרכאַפּן דעם טראָן. האָט די צאַרין געפאָלגט די פּריצים און געשיקט מענטשן, מ'זאָל דערמאָרדן דעם צאַר. ווער ווייסט, צי דאָס איז אמת, קיינער איז דאָך דערביי נישט געווען. כאָטש מעגלעך, אַז דאָס איז אַ „סאַמאָזוואַניעץ"*), אָבער ווער ער זאָל נישט זיין, זענען זיינע רייד אמתע. ער רופט די פויערן, ווי זאָלן זיך באַפרייען פון די פּריצים, ער הייסט די לייב־אייגענע, אַז ווי זאָלן צונעמען ביי די פּריצישע בלוט־זויגער די ערד. ער הייסט נישט צאָלן דער רעגירונג קיין שטייערן, ווייל פון די שטייערן לעבן אַ גוטן טאָג בלויז די גראַפן און פירשטן, און מיר, דאָס אָרעמע פאָלק, האָבן דערפון גאָרנישט. ער וויל אפילו פאַרטרייבן די צאַרין און זי אַוועקשיקן אין אַ קלויסטער.

— ער איז טאַקע גערעכט, — האָבן די צוהערער געשאָקלט מיט די קעפּ, — וואָס דען? מען זאָל אונז אומבאַשטראָפט שמייסן? אַזעלכע, ווי טאַמבאָווצעוו, זאָלן הערשן

*) אַ מענטש, וואָס דערקלערט זיך אײגנמעכטיק פאַר אַ קײזער־לעכן הערשער.

איבער אונדז אָט איז געקומען אַ מענטש, וואָס וועט ראַ-
טעווען די לאַגע. אויב דאָס איז אפילו ניט פּיאָטר דער
דריטער, נאָר אַ „סאַמאָזוואַניעץ", דאַרף מען אויך גיין מיט
אים, ווייל זיינע רייד זענען אמתע און ער וויל פאַרטרייבן
די פּריצים און באַפרייען די אומגליקלעכע פּויערן. ניטאָ
שוין קיין כּוח אויסצוהאַלטן...

טאַמבאָווצעוו איז געווען דער אַטאַמאַן פון די יאַאיצ-
קער קאָזאַקן. ער פלעגט זיי אָנטון די ערגסטע צרות. די
קאָזאַקן האָבן דאַן געשיקט קיין פּעטערבורג עטלעכע שליחים
מיט אַן אָנקלאַגע אויף דעם אַטאַמאַן זייערן. איז פון פּע-
טערבורג אַראָפּגעשיקט געוואָרן אַ קאָמיסיע אין די פּערזאָנען פון
גענעראַל טראַובענבערג און קאַפּיטאַן דורנאָווע. ווען דער
אַטאַמאַן טאַמבאָווצעוו האָט זיך דערוואוסט, אַז די קאָזאַקן
האָבן אים פאַרמסרט אין פּעטערבורג, האָט ער אַרעסטירט
איינעם פון די שליחים, דעם קאָזאַק באַראָדין. דאָס האָט
שטאַרק אויפגערעגט דעם גאַנצן קאָזאַקישן ישוב. די אויפ-
רעגונג איז געוואָרן נאָך גרעסער מיטן מאָמענט, ווען די
קאָזאַקן האָבן זיך דערוואוסט, אַז די אויספאָרשונגס-קאָמיסיע,
וועלכע איז געקומען פון פּעטערבורג, איז אויף טאַמבאָוו-
צעווס זייט און גרייט זיך צוריקצופאָרן מיט אַ ראַפּאָרט, אַז
די אָנקלאַגעס פון די יאַאיצקער קאָזאַקן האָבן קיין שום
גרונט ניט.

די אויפרעגונג קעגן דער דאָזיקער האַנדלונג פון דער
קאָמיסיע איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אין יאַנואַר 1772
איז אַ גרעסערע גרופּע קאָזאַקן באַפאַלן דאָס הויז, וואו
ס'איז איינגעשטאַנען די קאָמיסיע און וואו ס'האָט זיך גראָד
געפונען אויך טאַמבאָווצעוו. די אָנפאַלער זענען אַריין אינע-
ווייניק און, זעענדיק ווי טאַמבאָווצעוו טרינקט און הוליעט

צוזאַמען מיט די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, האָבן זיי
שוין נישט געקאָנט באַהערשן זייער אויפרעגונג. דער גענע-
ראַל טראַובענבערג און טאַמבאָווצעוו זענען אויפן אָרט גע-
פאַלן טויט פון די קאָזאַקישע שווערדן און דער קאַפּיטאַן
דורנאָוואָ איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן.

ווען די ידיעה וועגן דעם דאָזיקן געשעעניש אין יאַ-
איצקער קאָזאַקן-ישוב האָט דערגרייכט קיין פּעטערבורג, האָט
מען דאָרטן באַשלאָסן שטרענג זיך אָפּצורעכענען מיט די
בונטאָוושטשיקעס. מ'האָט אַרויסגעשיקט קיין יאַאיצק אַ שטראָף-
עקספּעדיציע אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל פריימאַן.

דער דאָזיקער גענעראַל איז אַראָפּגעקומען מיט ווינע
סאָלדאַטן אין צענטער פון קאָזאַקישן ישוב, אין דער שטאָט
אָרענבורג און גענומען פירן די אויספאָרשונג. באַלד זענען
פאַרפולט געוואָרן אַלע תפיסות. צוליב דעם, וואָס ס'איז
שוין נישט געווען קיין אָרט אין די תפיסות, האָט מען די
אַרעסטירטע געהאַלטן אין ספּעציעל-איינגעשטעלטע געצעלטן.
דער רעזולטאַט פון דער דאָזיקער „אויספאָרשונג" איז גע-
ווען אַ שרעקלעכער. 16 מענטשן זענען פאַרמשפט געוואָרן
צו באַקומען שמיץ מיט האַרטע, געפלאָכטענע שטריק, אויס-
שנײַדן זיי די נאָז-לעכער, מאַכן צייכנס אויפן קערפּער מיט
גליענדיקע אײַזנס און צום סוף – פאַרשיקן קיין סיביר אויף
אייביקע קאַטאָרגע. 38 מענטשן זענען פאַרמשפט געוואָרן
צו באַקומען שמיץ און פאַרשיקט צו ווערן קיין סיביר. נאָך
הונדערט מענטשן זענען פאַרמשפט געוואָרן צו פאַרשידענע
אַנדערע קלענערע שטראָפן. פון די שמיץ זענען עטלעכע
צענדליק מענטשן געשטאָרבן, ווײַל דער גענעראַל פריימאַן
האָט באַפוילן צו שמייסן אַזוי לאַנג, ביז וואַנען פון קער-
פּער וועלן אַראָפּהענגען שטיקער פלייש...

אַט די דאָזיקע געשעענישן האָבן אַרויסגעריפן אין יאַאיצקער קאָזאַקן־ישוב אַ געוואַלדיקן האַס קעגן דער רעגי־ רונג און קעגן די פּריצים. דערהערנדיק, אַז עס האָט זיך באַוויזן אַ מענטש, וועלכער איז גרייט צו קעמפן קעגן דער צאַרין, וועלכער פאָדערט־אויף אַלע קאָזאַקן און פּויערן, אַז זיי זאָלן צו אים צושטיין, כּדי זיך צו באַפרייען פון דער ממשלה פון די פּריצים, — דערהערנדיק אַזעלכע ריד, האָבן די יאַאיצקער קאָזאַקן באַשלאָסן זיך אָנצושליסן אָן דעם אומ־ באַקאַנטן מאַן, וועלכער קומט מיט אַזעלכע באַראַטן צום פאָלק.

די קאָזאַקן פון יאַאיצקער קאַנט האָבן זיך נישט אויפ־ געהערט צו דערציילן איינער דעם אַנדערן פאַרשידענע מעשיות וועגן דעם דאָזיקן מענטש, וועלכער רופט זיך, אַז ער איז פּיאָטר דער דריטער. געווען אַפילו אַ סך, וואָס האָבן פאַרזיכערט, אַז דאָס איז אַ „סאַמאָזוואַניעץ", אַז זיין אמתער נאָמען איז יעמעליאַן פוגאַטשאָוו, און, אַז ער איז אַ קאָזאַק פון דאָנער קאַנט אין שטאַמט פון דער שטאָט זימאָווייסק.

— זאָל ער זיין אַ פּשוטער בשר־ודם, — האָבן די קאָ־ זאַקן צווישן זיך גערעדט, — אָבער דעם אמת זאָגט ער. צי איז ער נישט גערעכט, אַז מיר דאַרפן צונעמען בײַ די פּריצים די ערד? מען דאַרף נקמה נעמען פאַר די צרות, וואָס דער גענעראַל פריימאַן האָט אונז אָנגעטאָן. און נאָר דער דאָזיקער מאַן, אַלצאיינס, צי ער איז טאַקע פּיאָטר דער דריטער, צי זיין נאָמען איז פוגאַטשאָוו, — וועט אונז העלפן נעמען נקמה אָן אונזערע אונטערדריקער.

— גייט ער עפּעס מיט אַ גרויסער מחנה? — האָבן זיך געפרעגט די נייגעריקע.

— גרויס איז נאָך ניטט זיין מחנה, אָבער זי וואַקסט בסדר. פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט קומען צו אַלץ נייע מענטשן. עס גייען מיט אים אַנטלאָפענע לייב-אייגענע פויערן, קאָזאַקן, באַשקירן, קירגיזן און אַ סך הפקר-מענטשן. ער דערנענטערט זיך אויך צו יאַאיצק און גאַנץ מעגלעך, אַז היינט-מאָרגן וועט ער דאָ זיין ביי אונז.

— ווען מיר גיין מיט אים! — האָבן זיך געהערט שטימען, — מיר וועלן נקמה נעמען פאַר די שמיץ פון אונ-זערע ברידער. איצט איז געקומען די בעסטע געלעגנהייט זיך אָפצורעכענען מיט אונזערע שונאים — די פריצים און גענעראַלן.

## פוגאַטשאָוו הויבט אָן זיין מאַרש

און דער קאָזאַקישער ישוב יאַאיצק האָט זיך דער-וואַרט. פול מיט האָפענונג האָט מען געוואַרט אויף דעם, וואָס שטעלט זיך אַרויס קעגן די גענעראַלן פון יעקאַטערינע, קעגן די פריצים און די מאַכטהאָבער. און אָט איז ער גע-קומען. מיט ניטט קיין גרויסער מחנה קאָזאַקן, קירגיזן און לייב-אייגענע פויערן איז ער אָנגעקומען אין דעם קאָזאַקישן ישוב. אַ הויכער, מיט ברייטע, מעכטיקע אַקסלען, אַ געזיכט אָפגעברענט און אויסגעצאַקערט פון זון, ווינט און קעלט. צוויי אויגן שאַרפע, ווי קינזשאַלן, האָבן געקוקט אַרום זיך און אַרויסגערופן ביי די צושויער אַן אינסטינקטיוון דרך-ארץ צו דעם דאָזיקן אומבאַקאַנטן מענטש.

ער איז אַרויף אויף אַ טיש, וואָס מ'האָט אַרויסגע-בראַנגט פון אַ שטוב. אַרום אים האָט זיך אַרומגעשטעלט אַ ריזיקע מחנה מענטשן, כמעט דער גאַנצער קאָזאַקישער

ישוב, אַפילו אַלטע לייט און קינדער. ס'האָט זיך דערהערט
אַ געזונטע לייבן-שטים:

— קאָזאַקן! איך, צאַר פּיאָטר דער דריטער, בין גע־
קומען צו אייך אָנזאָגן די בשורה, אַז איך גיי באַפרייען
דאָס אָרעמע פאָלק. אויפן טראָן זיצט אַ שלעכטע פרוי,
וועלכע פּייניקט דאָס רוסישע פאָלק און אַלע איינוואוינער,
וואָס באַוואוינען די רוסישע ערד. זי גיט בלויז מתנות די
פירשטן און גראַפן, אָבער אָן אייך האָט זי פאַרגעסן. ווען
איך האָב געפאָדערט פאַר אייך גערעכטיקייט, האָט זי אונ־
טערגעשיקט שלעכטע מענטשן, אַז זיי זאָלן מיך דערהרגע־
נען. אָבער איך בין אַנטלאָפן און בין אַוועק צו מיין פאָלק,
כדי צו אַנטדעקן דעם אמת.

ווי איין מענטש האָבן אַלע אויסגעטון די היטלען
און אַ מעכטיקער געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון טויזנ־
טער ברוסטן:

— זאָל לעבן אונזער צאַר-באַטיושקאַ! זאָל לעבן דער
באַשיצער פון קאָזאַקישן פאָלק!

— קאָזאַקן, פויערן, טייערע מיינע! — האָט ווייטער
געדונערט דער מאַן די שאַרפע אויגן, ווי קינזשאַלן, — איך
וועל אייך פירן, כדי צו מאַכן זיך אייער פרייהייט. פריי
וועט ווערן דער פויער פון זיין פּריץ און פריי דער קאָזאַק
פון זיין אַטאַמאַן און ~~סטאַרשינע~~ (עלצטער); מען וועט אייך
מער נישט שמייסן, נישט רייסן מער די נאָזלעכער מיט
צוואַנגען. אייערע וועט זיין די ערד, אייערע די בהמות
און שעפּסן און פערד. מיר וועלן פאַרטרייבן די פּריצים,
און ווער עס וועט זיך אַנטקעגנשטעלן אונזער פרייהייט —
דעם וועלן מיר אויפהענגען!

— יאָ, אויסהענגען! — האָבן הונדערטער שטימען צו־געשטימט. — גערעכט!

— הער זשע, קאָזאַקיש פאָלק, — האָט ווייטער גע־רעדט דער מאַן מיטן אָפּגעברענטן און צעהאַקטן פּנים, — דו מוזט פאַרלאָזן דיין היים, דיין ווייב און קינד און גיין מיט דיין צאַר נעמען דיין פרייהייט. מיר וועלן שאַרפן די שווערדן און קינזשאַלן און זיך לאָזן אין די שטעט און גיטער. מיר וועלן אַלץ צונעמען ביי די פּריצים און מאַכני־האָבער און זיי ניט שונען. ווי זיי האָבן ביז איצט ניט געשוינט דאָס לעבן פון פּויער. קיין שום רחמנות קאָזאַקן, פּונקט ווי זיי האָבן מיט אונז ניט געהאַט קיין רחמנות. שווערט זשע, קאָזאַקן, טרייהייט אייער צאַר פּיאָטר דעם דריטן.

די ריזיקע מאַסע מענטשן האָט זיך אַנידערגעוואָרפן צו דער ערד און געשוואוירן. בלויז עטלעכע זענען געבליבן שטיין און האָבן מיט בייזע בליקן געקוקט אויף דעם רעד־נער. איינער פון זיי, דער סטאַרשינאַ סקוואָרקין, האָט אויסגערופן:

— דער צאַר פּיאָטר איז דאָך שוין טויט! דאָס איז אַ שווינדלער, טרייבט אים אַראָפּ מען דאַרף אים אַרעס־טירן! ער רעדט קעגן דער צאַרין, ער בונטעוועט דאָס פאָלק! אַראָפּ, „סאַמאָזוואַניעץ", מיר ווילן מער ניט אויס־הערן דיינע פאַלשע רייד.

דער רעדנער האָט געוואַרט ביז די קנייענדיקע מחנה האָט זיך צוריק אויפגעהויבן פון דער ערד און, אָנווייזנדיק דערנאָך מיט דער האַנט אויף סקוואָרקינען, האָט ער אויס־גערופן מיט אַ צאָרנדיקער שטים:

— אָט איז איינער פון אייערע שונאים. זעט, ווי ער

האָט מורא, אַז מ׳זאָל אײַך נישט בונטעווען, זעט, ווי ער איז אויפגעבראַכט אויף אײַך, פּאַרוואָס איר פֿאָדערט אײַער פֿרײַהײַט!

— אמת, ער פּרעסט צוויי אונז אויס שטײַערן פֿאַר דער צאַרין. — האָבן זיך געהערט שטימען פֿון צווישן פּאַרזאַמלטן עולם, — דערפֿאַר האָט ער מורא, אַז מיר זאָלן זיך נישט בונטעווען! העי די היגטישער זון, גענוג שוין געצאַפּט אונזער בלוט! אונזער צאַר־באַטיושקאַ איז מיט אונז!

— בינטאַוישטשיק! שווינדלער! „סאַבאַוואָניעץ"! — האָט סקוואָרקין געשריגן צום רעדנער. — איך וועל אײַך אַלע לאָזן אַרעסטירן צוזאַמען מיט דעם דאָזיקן הונט! — האָט ער זיך געווענדעט צום עולם מיט אַ פּאָר זעבילסטע פּויסטן.

— אויפהענגען אים! — האָבן זיך געהערט עטלעכע געשרייען. — אויפהענגען אים, דעם היגטישן זון! — האָט דער רעשט עולם מסכים געווען.

און איידער סקוואָרקין האָט באַוויזן צו אַנטלויפֿן, האָבן אים אָנגעכאַפּט עטלעכע צענדליק הענט, וועלכע האָבן אים צוגעטראָגן צו אַ בוים. און עטלעכע מינוט שפּעטער איז שוין דער סטאַרשינאַ געהאָנגען, צאַפּלענדיק אין די לעצטע גסיסה־יסורים.

דערנאָך האָבן זיך מחנות קאָזאַקן, באַוואָפֿנט מיט שווערדן, קינזשאַלן און ביקסן געלאָזט אויף פֿערד נאָך פּוגאַטשאָוון. ער איז געריטן פֿאָרויס, אָנגעטאָן אין אַ רויט זײַדן העמדל מיט אַ קײַלעכדיק היטעלע אויפֿן קאָפּ. האַרט נעבן אים זענען געריטן זײַנע נאָענטע פֿרײַנט און מיטהעלפֿער: איוואַן טוואָראָגאָוו, אַנדריי אָווטשיניקאָוו, טימאָפֿיי

פּאַדוראָוו, דער טאָטער מוסאַ אַליעוו און דער אַרמענער קינ־
סליאַ אַרסלאַנאָוו.

ווי ווייט דאָס אויג האָט געקאָנט גרייכן, האָט מען געזען איבערן סטעפּ די רייטנדיקע חיילות, מיט וועלכע פּו־
גאַטשאָוו האָט זיך איצט געגרייט צו קעמפן קעגן די פּריצים און דער זעלבסטהערשאַפט, קעגן דער אונטערדריקונג פון די צאַרישע גענעראַלן און גובערנאַטאָרן.

פאַרוואָס האָט פּוגאַטשאָוו זיך פאַרגעשטעלט אַלס פּיאָטר דער דריטער? פאַרוואָס האָט ער אויסגענוצט די לעגענדע, וועלכע איז געווען פאַרשפּרייט צווישן פאָלק, אַז פּיאָטר דער דריטער לעבט?

יעמעליאַן פּוגאַטשאָוו, דער דאָנער קאָזאַק, האָט געהאַט דורכגעמאַכט זייער אַ שטורמיש לעבן. ער איז געווען אַ סך מאָל אַרעסטירט פאַר אָנטקעגנשטעלן זיך דער צאַרישער מאַכט, אָנטיילגענומען אין עטלעכע מלחמות און שוין גע־
ווען אַ סך מאָל פאַרוואונדעט. ער האָט אַ סך געוואַנדערט, געשלעפּט זיך פון איין גובערניע אין דער צווייטער. אַזוי אַרום האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט צוצוקוקן זיך צו די ליידן, וואָס עס לעבט איבער דער לייב־אייגענער פּויער, צו די רדיפות אויף די קאָזאַקן און אויף די פאַרשידענע פעל־
קער, וואָס באַוואוינען די רוסישע ערד. ער האָט אויך גוט דערקענט די פאָלקס־נשמה, פאַרשטאַנען איר געוואוינהייט און אירע שוואַכקייטן.

ווען דער דאָזיקער הייסבלוטיקער דאָנער קאָזאַק האָט ענדלעך, נאָך יאָרן וואַנדערונגען און רדיפות, זיך איבער־
צייגט, אַז מ'דאַרף אויפוועקן די אומצופרידענע לייב־אייגענע פּויערן צום קאַמף, אַז מ'דאַרף נקמה נעמען פאַר די פאַר־
שידענע הימלשרייענדיקע עוולות, וועלכע זענען אָפּגעטון

ווען פוגאטשאָוו איז גע־
געפֿאָרן לגבי די דאָזיקע פויערן, אַז ער דאַרף אויף זיך נעמען די־
קומען צום באַשלוס, אַז ער דאַרף אויף זיך נעמען די
אויפגאַבע צו זיין דער וועקער, דער אָרגאַניזאַטאָר פון בונט,
האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אויפן פשוטן וועג וועט אים זער
שווער זיין צוצוקומען צו דעם פויער. דער פון הונדערטער
יאָרן פאַרשקלאַפטער, פינצטערער פויער, דער פשוטער קאָ־
זאַק, דער ווילדער קירגיז און באַשקיר וועלן אים נישט
גלויבן, וועלן צו אים נישט האָבן קיין צוטרוי. צו זיין גע־
טרייעסטן אַדיוטאַנט, צו דעם קאָזאַק יאַקאָוו פאָסטיטאָלין
פלעגט פוגאַטשאָוו אָפטמאָל אַזוי רעדן:
— די פויערן האָבן שרעקלעך פיינט יעקאַטערינען,
די פויערן האָבן שרעקלעך פיינט דריטער לעבט.
ווי שמועסן אָפט, אַז דער צאַר פיאָטר דער דריטער לעבט.
„ווען פיאָטר וואָלט געהערשט, טענהן זיי, וואָלט ער זיך
פאַר אונז אָנגענומען". שטיפֿמוטער — זיי ווייסן נישט, אַז
אַ צאַר בלייבט אַ צאַר, דאָס הייסט — אַ מזיק, אַ שונא
פון דעם פשוטן פאָלק. אָבער דעם דאָזיקן גלויבן האָב איך
געמוזט אויסנוצן. גלויבן זיי, אַז פיאָטר דער דריטער קאָן
זיי באַפרייען פון לייב־אייגנטום, אַז דער דאָזיקער צאַר קאָן
זיי ברענגען די פרייהייט — איז ער דאָ, פיאָטר דער
דריטער! קומט ער צוגיין און זאָגט: קומט, פויערן, אין
קאַמף, דער צאַר פיאָטר דער דריטער רופט אייך. און, אַז
דער צאַר רופט, גייט דאָס פאָלק, גייען די פויערן. נאָכ־
דערצו, ווען דער צאַר רופט זיי צו פאַרטיידיקן די אייגענע
פרייהייט. ס'איז נישט געווען קיין אַנדער ברירה, ברודערקע,
נאָך יעמעליאַן פוגאַטשאָוון וועט מען נישט גיין, מעג ער
רופן צו דער הייליקסטער אַרבעט. ווען עס רופט דער צאַר —
דאַן גייט דאָס פאָלק. ווען עס האַנדלט זיך נאָך וועגן אַזאַ
קייזער, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן פון טראָן דורך זיין

אייגן הייב און וויל פירן דאָס פאָלק אויסצוקעמפן זיך זיין פרייהייט — דאַן וועט מען מיט אים גיין, גיין אין די געפערלעכסטע שלאַכטן. איך קען זער גוט דעם פייער און דעריבער האָב איך באַשלאָסן צו שפּילן די ראָל פון דעם מכלומרשט לעבנגעבליבענעם צאַר פּיאָטר דעם דריטן.

פּוגאַטשאָווס אויסרעכענונג איז געווען אַ ריכטיקע. ער האָט אויסגענוצט די לעגענדע, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט צווישן דעם פאָלק, אַז פּיאָטר דער דריטער לעבט. זיין מעכטיקע האַלטונג, זיין לייטן־סטים, זיין באַפעלערישער טאָן און דאָס זיידענע רויטע העמדל מיט די גאָלד־געשטיקטע באַפּוצונגען האָבן געשטאַרקט ביי זיינע אָנהענגער דעם גלויבן, אַז פּוגאַטשאָוו, איז טאַקי פּיאָטר דער דריטער.

פון יאַאיצק איז פּוגאַטשאָוו אַרויסגעריטן מיט אַ היפּש באַוואָפנטער מחנה. זיין חיל איז אַלץ באַשטאַנען פון צוויי טויזנט מאַן קאָזאַקן, קירגיזן און אַנטלאָפענע פּויערן. מיט דער דאָזיקער מחנה האָט פּוגאַטשאָוו שוין געקאָנט צוטרעטן צו אַן אָפענעם קאַמף מיט דער מאַכט און מיט די פּריצים. דעם ערשטן אָנהייב האָט ער געמאַכט ביי די יאַאיצקער פאָרטן און פאַרפעסטיקונגען.

די דאָזיקע פאָרטן האָבן געהאַט אַ קליינעם גאַרניזאָן, ווייל זיי האָבן זיך געפונען ווייט פון אַ גרענעץ־שטאָט און די רעגירונג האָט זיך ניט געריכט אויף קיין שום אינערלעכן בונט, אַז זי זאָל דאַרפן שטאַרק אָפּהיטן די דאָזיקע פאַרפעסטיקונגען. פּוגאַטשאָוו האָט מיט זיינע צוויי טויזנט באַוואָפנטע לייט זיך אַריינגעריסן מיט שטורעם אין די פאָרטן און זיי איינגענומען אָן שום שוועריקייטן. דאָס מיליטער, וואָס האָט זיך דאָרטן געפונען, האָט זיך תיכף אונטערגעגעבן און אַפילו צוגעשטאַנען צו פּוגאַטשאָוון. די געפאַנגענע

אין קענג־ ,אים מיט צוזאמען קעמפן געמוזט האָבן ...לדאטן
...אל האָט ער די ווידערשפעניקע באַפוילן צו דערשיסן.
...ין איינע פון זיינע וואַנדערונגען צו די געפאַנגענע סאָלדאַטן
...ון רעגירונגס־מיליטער, האָט ער אַזוי געזאָגט:
— איר וועט דאָך זיין פון די לייב־אייגענע פויערן,
...יר וועט דאָך ברידער פון קאָזאַקן, פאַרוואָס זשע שלאָגט
...יר זיך אויף דער זייט פון די פריצים? זיי פאַרשמייסן
...יר טאַטעס צום טויט און איר פאַרטיידיקט נאָך דאָס
...ייערע פאַטערס יעקאטערינע און אירע גובערנאַ־
...ריצישע האָב און גוטס. און איר, היגטישע
...וואָרן צאָפּן פון אייך אַרויס שטייערן
...ין, גייט זיך נאָך פאַר איר שלאָגן!
אונטערן איינדרוק פון די דאָזיקע רייד פלעגן אַ סך
...וואָלדאטן פון רעגירונגס־מיליטער, וועלכע זענען אַריינגעפאַלן
...נו פוגאַטשאָוון אין געפאַנגענשאַפט, זיך אָנשליסן אָן זיינע
...מחנות און צוזאַמען מיט אים קעמפן.
אין די יאַאיצקער פאָרטן האָט פוגאַטשאָוו פאַרכאַפּט
...צעלעכע האַרמאַטן און אַ סך פּראָוויאַנט. זיין באַוואָפנטע
...מחנה האָט שוין איצט אויך געהאַט אין איר רשות האַר־
...מאַטן און אַזוי אַרום געקאָנט שטעלן אַ ווידערשטאַנד דעם
רעגירונגס־מיליטער און די
...כונא.
אָבער דער שונא — דאָס רעגירונגס־מיליטער
...האָבן דערווייל ניט געשטעלט קיין שום ווידער־
...פריצים, — האָבן דערווייל ניט געשטעצ"ט אַרומגעפאַלן. ווי
...פוגאַטשאָוו מיט זיין מחנה איז אַרומגעפאַלן. וואָס
...שטאַנד. רעגירונגס־מיליטער, די קליינע גרופּקעס
...פון הימל. די קליינע גרופּקעס קאָזאַקן־יִשוב, זענען אָדער
האָבן זיך געפונען אין יאַאיצקער קאָזאַקן־ישוב, זענען אָדער
...אַנטלאָפן. אָדער איבערגעגאַנגען אויף פוגאַטשאָווס זייט. די
...פריצים האָבן געלאָזט אַלץ אויף גאָטס באַראָט און זענען
אַנטלאָפן אין הילדער בהלה. אַ סך שטעטלעך און ישובים

האָבן זיך פרייוויליק אונטערגעגעבן גאַטשאַון — דעם מכלומרשטן צאַר פּיאָטר דעם דריטן — מיט ברויט און זאַלץ. ווי איז געווען יענע קאָזאַקן-אַטאַמאַנען, וואָס האָבן נישט געוואָלט פאָלגן פּוגאַטשאָווס באַפעלן! ווען דער קאָזאַקן-אַטאַמאַן פאַרטקאָיז האָט דערקלערט, אַז ער אָנערקענט נישט פּוגאַטשאָווס מאַכט און וועט זיך זיינע באַפעלן נישט אונטערוואַרפן, איז ער תיכף געהאָנגען אויף אַ בוים.

— ווער ס'איז נישט מיט אונז, איז קעגן אונז! — האָט פּוגאַטשאָוו געשריבן אין זיין אויפרוף, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן צו די איינוואוינער פון די פאַרנומענע ערטער, — ווער עס פאָלגט נישט אונז, פאָלגט די קייזערין, וועלכע איז דער גרעסטער שונא פון אונזער פאָלק.

פּוגאַטשאָווס מחנה האָט זיך פאַרגרעסערט פון טאָג צו טאָג. אין אַלע ערטער, וואו ער איז אָנגעקומען, האָט ער באַוואָפנט אַלע מאַנסלייט, וואָס זענען פעיק צו טראָגן געווער און זיי איינגעשלאָסן אין זיין כּוח. און צוגעשטאַנען צו אים זענען אַלע: די פּויערן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון די פּריצים, נישט קאָנענדיק מער אויסהאַלטן די נגישות און פּייניקונגען, די פאַסטוכער-קירגיזן פון די סטעפּעס, די פאַרשידענע וואַנדערנדיקע שבטים, ווי קאַלמיקן, באַשקירן, די הונדערטער אַרעסטירטע קאָזאַקן, וועלכע זענען געזעסן אין די תּפיסות פאַר קעמפן קעגן די „סטאַרשינאַס“ און זענען דורך פּוגאַטשאָוון באַפרייט געוואָרן, אַ גרויסע צאָל הונגעריקע בראָדיאַגעס, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין דאַך אונטערן קאָפּ. פּוגאַטשאָוו האָט אונטער זיך געהאַט אַ מחנה פון אונטערדריקטע און הונגעריקע, מענטשן, וועלכע האָבן

געזוכט פאַר זיך אַ רעטונג און די דאָזיקע רעטונג געזען
נאָר אין אָפענעם קאַמף מיט די פּריצים.

אָפטמאָל, כּדי צו שטאַרקן זייער מוט, פלעגט פוגאַ־
טשאָוו פרעגן בײַ זײַן מחנה:

— זאָגט, צי וועט אײַך שרעקן דער טויט, ווען יע־
קאַטערינע וועט אַנטקעגנשטעלן קעגן אונז אירע בעסטע
גרענאַדירן? צי וועט איר זיך דערשרעקן און אַנטלויפן?

— אָ, ניין, באַטיושקאַ, — האָבן זיך געהערט שטי־
מען. — מיר האָבן דאָך ניט וואָס צו פאַרלירן. איידער זיך
אונטערצוגעבן, זענען מיר בעסער גרייט צו שטאַרבן.

געדענקט זשע, העלדן מײַנע, — האָט פוגאַטשאָוו
געענטפערט אַ שטראַלנדיקער פון פרייד, — צוויי וועגן זע־
נען דאָ פאַר אײַך: אָדער די פרייהייט, אָדער דער טויט!

— אָדער די פרייהייט, אָדער דער טויט! — האָבן אי־
בערגעחזרט טויזנטער שטימען און אַ מעכטיקער ווי־
דערקול האָט זיך ווײַט צעקײַקלט איבערן ריזיקן סטעפּ.

פוגאַטשאָוו האָט ניט געלאָזט זײַן מחנה רוען. ער
האָט געוויסט, אַז די רעגירונג איז נאָך ניט צוגעגרייט
צו שטעלן אים אַ ווידערשטאַנד, ווײַל דער בונט איז גע־
ווען אַן אומגעריכטער און האָט זיך ערשט אָנגעהויבן מיט
שטורעמען די יאַאיצקער פאָרטן. ס'איז נייטיק געווען איצט
ראַש צו מאַרשירן, בסדר אָנצוגרײַפן און ניט לאָזן דעם
דערשראָקענעם שונא קומען צו זיך.

אויפן ווײַטערדיקן וועג האָט די מחנה פון פוגאַטשאָוון
פאַרנומען אײַן פעסטונג נאָך דער צווייטער און אָן שום
גרעסערע קאַמפן פאַרטריבן פון דאָרטן די גאַרניזאָנען, וועל־
כע זענען זיך צעלאָפן, אָדער זיך איבערגעגעבן אין גע־
פאַנגענשאַפט. אַזוי אַרום זענען געפאַלן די פעסטונגען ראַז־

סיפנאַיאַ, ניזשנע־אָווערנאָ׳פּ. די אָפיצירן און דער פּאָפּ סבאָ
ראָזסיפּנאַיאַ האָבן דערקלערט, אַז זיי אָנערקענען נישט נחוי
גאַטשאָוון. דער פּאָפּ האָט אַפילו געזאָגט צו פּוגאַטשאָוו
אַדיוטאַנט, פּאַסשיטאַלין, אַזוי:

— ווער איז ער דען, דיין האר? דאָס איז דאָך
מעליאַנקע פּוגאַטשאָוו, אַ געוויינלעכער קאָזאַק. ווען פּאַנע
דרייט ער דעם קאָפּ? ער האָט צונויפגענומען אַ באַנ
רויבער און גייט איבערן לאַנד ראַבירן די פּריציש גיטער, די
אַז דאָס רעגירונגס־מיליטער וועט אים כאַפּן, וועט ער שאַ
האָבן אַ סוף. מ׳וועט אים צעשניידן לעבעדיקערהייט אויף
שטיקער.

פּאַסשיטאַלין האָט געבראַכט דעם פּאָפּ צו פּוגאַטשאָ
דער פּאָפּ האָט אָבער מורא געהאַט איבערצוחזרן איין וואָ
אַפילו פון דעם. וואָס ער האָט גערעדט צו פּאַסשיטאַלין

— נו, איצט ציטערסטו, דו פּריצישער קנעכט! —
אים פּאַסשיטאַלין אַריינגעקוקט אין די אויגן, — זאָג,
וועלן דיך סיי ווי סיי הענגען. ביי דיר זענען מיר
בער, אַ באַנדע רויבער, האַ?

צוזאַמען מיטן פּאָפּ זענען געוואָרן אויסגעהאַנגען
לעכע אָפיצירן פון דער פעסטונג ראַזסיפּנאַיאַ, ווייל
האָבן געפּרוווט אָנרעדן עטלעכע קאָזאַקן פון פּוגאַטשאָ
חייל, אַז זיי זאָלן פאַר אַ גרויסער באַלוינונג אָפּהאַקן
גאַפּשאָוון דעם קאָפּ. די דאָזיקע קאָזאַקן זענען געקומען
פּוגאַטשאָוון און האָבן אים וועגן דעם דערציילט.

פּוגאַטשאָוו האָט ווייטער אומגעשטערט מאַרשירט.
האָט זיך שוין געפונען נישט ווייט פון דער וויכטיקער
טישטשעווער פעסטונג. דאָס רעגירונגס־מיליטער, נישט
טעדיק זיך אויף דעם אָנגריף פון אַזאַ ריזיקער און

פּבּאָוואָסנסער מחנות, אין אין בהלה אַנטלאָפֿן. די פּריצישע
חויפֿן זענען געשטאַנען פּוסט. ווייל די אייגנטימער זענען
אַוועק. איבערלאָזנדיק אַלץ אויף גאָטס באַראָט. די רעגיר
רונגס־געביידעס פֿון די פּאַרנעמענע ערטער זענען איבער
געגאַנגען אין פּוגאַטשאָווס הענט. אַזוי, אַז די רעוואָלוציאָ
נערע מחנה איז געוואָרן דאָרט דער פֿאַקטישער באַלעבאָס.
די פֿריער פֿאַרשקלאַפֿטע פּויערן, די ערדלאָזע קאָזאַקן,
די הונגעריקע בראָדיאַגעס, די אָרעמע קירגיזן, באַשקירן
אין מאָטערן האָבן איצט, דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבן,
דערפֿילט, אַז זיי זענען פֿריי, אַז איבער זיי פֿייפֿט נישט
מער די בייטש פֿון פּריץ און זייער געזאַנג קאָן זיך איצט
טראָגן פֿריי איבערן ברייטן סטעפּ.

## דער בונט װעקסט װיל

דער גובערנאַטאָר פֿון אָרענבורג, ריינסדאָרפּ, האָט דעם
22 סעפּטעמבער 1772 געפּראַוועט אַ גרויסאַרטיקן באַל. דעם
דאָזיקן באַל האָט ער איינגעאָרדנט לכבוד דעם צען־יעריקן
יוביליעאום פֿון דעם קרוינונגס־טאָג פֿון דער צאַרין. אין די
גרויסע זאַלן פֿון גובערנאַטאָר זענען געווען פֿאַרזאַמלט אַ
סך געסט פֿון דער אָרטיקער אַריסטאָקראַטיע, הויכע באַאַמטע,
גענעראַלן, אָפֿיצירן, רייכע פּריצים א. ד. גל. וויין און
בראָנפֿן האָט זיך געגאָסן, ווי וואַסער און די געסט האָבן
האַלב שכּורע געליאַרעמט און גערויש. איינער אַ שיכּורער
פּריץ האָט פֿאַר אַ גרופּע געסט דערציילט מיט גרויס הנאה,
ווי אַזוי מען שמייסט אין זיין גוט די פּויערן. צו דער דאָ
זיקער דערציילונג האָט זיך אויך צוגעהערט דער גובערנאַ
טאָר ריינסדאָרפּ און צופֿרידן געשמייכלט:

— אז מײנס אַ פֿױערל פֿאַרזינדיקט זיך, — האָט דערזען פֿריִער הײזעריקלעך און שבור דערצײלט, — רוף איך צונויפֿ אַלע מײנע פֿױערן. איך מאַך, פֿאַרשטײט איר מיך, אַ מינע געריכט. אַלע מוזן ציזען, ווי מען שמײסט דאָס פֿױערל װאָס האָט ניט געצאָלט טאָלגן מײנע דינער, אָדער ער האָט זיך אַ ביסל אָנגעטרונקען. מיט אַ פּאָר יאָרן צוריק האָט מײנס אַ פֿױער אַרױסגעטרעטן אױף אַ הינדעלע אױ עס צוטרעטן. אַזאַ הינטישער ווין! נו, האָב איך גערופֿן צו זיך אַלע מײנע נפֿשות, די מענער מיט די װײַבער און אַפֿילו די קינדער און זײ געזאָגט: ועט, הינטישע ווין, װאָס מען טוט מיט אַזאַ אײנעם, װאָס מאַכט קאַליע מײן האָב און גוטס. מײנע דינער — געזונטע יונגען — האָבן אױסגעצױגן דאָס פֿױערל נאַקעט און אים אײַנגעדײַנט צוויי קלעצער. דעם קאָפּ מיט די הענט — צוגעבונדן צו אײן קלאָץ און די פֿיס — צום צווייטן. „נעמט איך אַראָפּ אַ משל, הינטישע ווין! — האָב איך געזאָגט צו מײנע פֿױערן און זײער בני־בית, — זעט װאָס איך טו מיט אַזאַ אײנעם, װאָס פֿאַרזינדיקט זיך“. האָבן די נפֿשות געציטערט און זיך איבערגעצלמט, זײ האָבן מורא געקריגן — אַ שרעק! און אַז די דינער מײנע האָבן אַרױסגענומען די געווייקטע ריטער און גענומען קלאַפּן איבערן נאַקעטן לײַב פֿון פֿױערל, האָבן זיך די באַבעס צערײַסט — כע־כע־כע — אַז ס׳איז געווען אַ מחיה צו הערן. דאָס פֿױערל האָט זיך געריסן, געקוויטשעט, בלוט האָט געשפּריצט פֿון זײַן פֿאַרשװיצע לײַב — כע־כע־כע — אָבער איך האָב געהײסן װײַטער קאַטעווען. מ׳האָט געקאַטעוועט אַזױ לאַנג, ביז דאָס פֿױערל האָט אױפֿגעהערט צו ריטשען. דאַמאָלס האָב איך געהײסן אױפֿהערן. און שטעלט אײַך פֿאָר: דער הינטישער ווין, האָט מיר אָפּ־

רעדן אַ שטיקל. כ'האָב נאָך געמוזט צולייגן צום עסק געלט,
נויטער אָנגעלערנט האָב איך אים! איצט היסן זיך שוין
מינע פויערן נישט ציטערן קיין הינדלעך, ווי ציטערן
ערדן איצט פאַר מיר, אַהאַ!
ע — וואָס פאַר אַ שטיקל האָט ער אייך אָנגעטון, דאָס
יריעריל? — האָבן די געסט נייגעריק געפרעגט.
אי — איר פאַרשטייט נישט? כע-כע-כע, ער האָט שוין
ד נישט געטריטשעט, ווייל ר'איז געפגרט!... ווען מ'האָט אים
אָפגענומען פון די קלעצער — איז ער שוין געווען אַ פגר.
ב איך אים נאָך געמוזט מאַכן אַ לויה און אַ טרומנע
ופן. גאַדיר אַן עסק! אָבער געלוינט האָט עס. איך זאָג
יך, אַז נאָר אַזוי דאַרף מען זיך באַגיין מיט די הינטישע
, פאַרשמייסן צום טויט דאַרף מען! זאָלן זיי וויסן ווי צו
אַנעווען פריציש האָב און גוטס! — האָט דער פריץ פאַר-
דיקט זיין דערציילונג און אויסגעטרונקען מיט איין זופּ אַ
יעזל בראָנפן.
— איך מאַך אויך מיט זיי נישט קיין צערעמאָניעס, —
אָט זיך אָנגערופן אַ צווייטער פריץ, — איך שמייס פאַר דער
לענסטער זאַך, אפילו ווען אַ פויער פאַרגעסט צראָפּצונעמען
אַר מיר דאָס היטל.
אין מיטן דעם דאָזיקן שמועס איז שנעל צוגעגאַנגען אַ
ינער צום גובערנאַטאָר און אים דערלאַנגט אַ פאַרחתמעטן
אָנווערט. דער גובערנאַטאָר האָט אויפגעריסן דעם קאָנווערט
ון אַדורכגעלייענט דעם בריוו, וואָס איז אינעווייניק געלעגן.
— צום טייוול, — האָט ער אויסגערופן, — וועגן אַלע
אַרישקייטן מעלדעט מען מיר. מיין סעקרעטאַר שרייבט מיר,
ז עפּעס איינער אַ פּוגאַטשאָוו, אַ דאָנער קאָזאַק, האָט צו-

נויפגענומען עטלעכע הונדערט בראָדיאַגעס און רויבט און צינדט-אונטער פריצישע גיטער.

— וואָס רעדט איר? — האָבן די פריצים דערשראָקן געפרעגט, — וואו? אין וועלכן קאַנט?

— ביי יאַניצק, — האָט ריינסדאָרף געענטפערט, — מיט אַזאַ באַנדע מאַכט מען נישט קיין לאַנגע שהיות. מען שיקט אַרויס אַ ראָטע סאָלדאַטן און מען צעשיסט די בראָדיאַגעס, ווי די הינט! איך אַ וואַכנער ענין! זיי האָבן עס נישט געקאָנט אַליין מאַכן, נאָר מען איז אַזש געקומען צו מיר. אַפילו אין אַזאַ פּייערלעכן טאָג, ווי היינט, לאָזט מען מיך אויך נישט צורו!

— נו, פּליבטן, — האָבן די געסט באַמערקט, — מן-הסתם וויל מען אָן אייך גאָרנישט טין.

ריינסדאָרף איז אַ בייזער אַוועק צו זיין סעקרעטאַר. קודם-כל האָט ער דעם סעקרעטאַר אָנגעזידלט, פאַרוואָס ער האָט אים געשטערט אין דער גוטער שטימונג.

— צו אַלדי טייוול! — האָט ריינסדאָרף געשריגן, — צי ווייסט איר נישט, אַז היינט איז ביי מיר אַ באַל און איך דאַרף נישט וויסן פון אַזעלכע נאַרישקייטן.

— אָבער עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ בונט! — האָט דער סעקרעטאַר געענטפערט, — איך האָב געהאַלטן פאַר מיין חוב אייך וועגן דעם תיכף צו מעלדן.

— אָבער יענע דאָרט, פאַרוואָס צוטרייבן זיי נישט די באַנדע? צו וואָס האָט מען געדאַרפט אָנקומען מיט אַזאַ נאַרישקייט אין גובערנאַטאָרס קאַנצעלאַריע? — איז ריינסדאָרף נאָך אַלץ געווען אויפגעבראַכט — שרייבט שוין אָן אַ באַפעל צום גענעראַל בילאָוו, אַז ער זאָל צויאָגן די באַנדע.

ריינסדאָרף האָט באַגאַטעליזירט דעם גאַנצן ענין. ער

האָט נישט געהאַט קיין אַנונג וועגן דער ערנסטקייט פון דעם
ראָזיק בונט. די אים אונטערליגנדיקע מאַכט האָט אים פאַר-
עשטעלט די זאַך, ווי אַן איבערפאַל פון א „באַנדע בראַדיאַ-
געס". דער גענעראַל בילאָוו איז דעריבער אַרויס קעגן פו-
אַסטאָוון מיט אַ קליינער אָפטיילונג, גלויבנדיק, אַז במשך
ון אַ טאָג וועט ער זיך אָפּרעכענען מיט דעם בונט. ריינס-
האָרס האָט אים נאָך דערקלערט:
— ס'לוינט נישט קיינעם צו אַרעסטירן, דערשיסט די
גאַנצע באַנדע און — פאַרטיק.
ווען בילאָוו האָט דערזען פאַר זיך אַ ריזיקע מחנה פון
נוט באַוואָפנטע מענטשן, מיט האַרמאַטן אין ביקסן, האָט ער
פאַרשטאַנען, אַז ער וועט זיך מיט דעם דאָזיקן קעגנער קיין
עצה נישט געבן. פוגאַטשאָווס מחנה איז גאָרנישט ענלעך גע-
ווען צו קיין „באַנדע בראַדיאַגעס און רויבער", ווי ריינס-
דאָרף האָט אים פאָרגעשטעלט די צעבינטעווען פויערן און
קאָזאַקן. בילאָוו האָט זיך מיט זיין קליינער מיליטער-אָפּטיי-
לונג געוואָלט צוריקציען, כדי צו נעמען פאַרשטאַרקונגען,
אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. פוגאַטשאָוו האָט בי-
לאָוון אַרומגערינגלט און אים פולשטענדיק צעקלאַפּט. דער
נצחון איבער בילאָוון האָט שטאַרק דערמוטיקט פוגאַטשאָווס
חייל. אַלע זיינע אָנהענגער האָבן איצט געקוקט אויף אים,
ווי אויף אַן אמתן באַפרייער. די לייב-אייגענע פויערן, וועלכע
זענען אַנטלאָפן פון זייערע פריצים, האָבן געקושט פוגאַטשאָווס
האַנט און געקניט פאַר אים, זאָגנדיק:
— איצט זענען מיר, צאַר-באַטיושקאַ, אַז גאָט איז מיט
דיר. ווי וואָלט געווען צו אונז, ווען די פאַלסט אַריין אין
די הענט פון יעקאַטערינעס גענעראַל. ער וואָלט דיך אויפ-
געהאַנגען און מיר וואָלטן געבליבן אָן אַ פאַרטיידיקער. מען

וואָלט אונז געכאַפּט אין ציריקגעברענגט צו אונזערע פּריצים, אָבער דו ווייסט דאָס ניט דערלאָזן. דו, צאַר־באַטיושקאַ ווייסט פון איצט־אָן זיין דער באַשיצער אונזערער!

פוגאַטשאָווס נצחונות האָבן אים געשאַפן אַלץ נייע אָנהענגער. דעם 27־טן סעפּטעמבער, אַ טאָג נאָכן באַזיגן בי־לאָוון, האָט פוגאַטשאָוו גענומען די טאַטישטשעווער פעסטונג, וואו ער האָט געפינען אַ סך האַרמאַטן, ביקסן, אַ גרויסע סו־מע געלט און אומגעהויערע זאַפּאַסן עסנוואַרג. דער דאָזיקער צווייטער נצחון האָט אים געמאַכט אַ ריס אין אַ ריי אַרומיקע גובערניעס. פון אומעטום האָבן אָנגעהויבן צו וואַנדערן צו פוגאַטשאָוון די אַלע אומצופרידענע מיט יעקאַטערינעס שטרענגן רעושים, די אַלע געפייניקטע פויערן און ערדלאָזע קאָזאַקן וואו נאָר אַ געדרודפטער איז ער געלאָפן זיך אָנשליסן אין פוגאַטשאָווס מחנה אַזוי, אַז די האָט שוין איצט געציילט אַכט טויזנט מאַן. אָבער די צאָל אירע איז בסדר געוואַקסן און אין אַ יאָר אַרום האָט שוין פוגאַטשאָווס אַרמיי געציילט העכער פופצן טויזנט גיט באַוואָפנטע מענטשן.

פוגאַטשאָוו האָט זיך באַראַטן מיט זיינע געהילפן. ער האָט קיין שום זאַך ניט געטון אויף אייגענער אחריות. אויף דער דאָזיקער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַרשירן גלייך אויף דער שטאָט אָרענבורג, וואו עס געפינט זיך דער גובערנאַטאָר ריינסדאָרף. דאָס פאַרנעמען אָרענבורג האָט פאַר פוגאַטשאָוון געהאַט זער אַ גרויסע באַדייטונג. אָרענבורג איז געווען זער אַ וויכטיקער סטראַטעגישער פונקט און וואָלט גע־געבן די מעגלעכקייט פוגאַטשאָווס מחנה צו באַהערשן דעם גאַנצן קאָזאַקישן ישוב. פוגאַטשאָוו וואָלט אַזוי אַרום פאַר־שטאַרקט זיינע אָפּטיילונגען מיט נאָך קאָזאַקיש חייל.

צוזאַמענעמענדיק די גאַנצע מחנה אַרום זיך, האָט פוגאַ־

טשאַוו געהאָלפן פאַר זיי אַ רעדע:

— מיר מאַרשירן ווײַטער, — האָט ער געזאָגט. — פאַר אונדז האָבן זיך דערשראָקן יעקאַטערינעס גענעראַלן און זענען אָפּגעטרעטן. מיר טאָרן נישט אָפּשטיין, ווייל דער גובערנאַטאָר רײַנסדאָרף אָרגאַניזירט נײַע אָפּטיילונגען, כדי אונדז צוצוקלאַפּן. מיט די צײַן וועלן מיר פאַרטיידיקן די פרייהייט, מיט די קעפּ אונזערע וועלן מיר אָפּשלאָגן דעם אָנגריף פון שׂונא און ווען אונדז אויסשפּילן גצווער, — וועלן מיר זיך שלאָגן מיט די בלויזע הענט! היינט באַפעל איך מײַנע טרײַע חיילות צו מאַרשירן קיין אָרענבורג. מאָרגן וועל איך באַפעלן צו גיין ווײַטער. גאַנץ רוסלאַנד וועט זיך איבערגיין אין מײַנע הענט און אומעטום וועלן אַראָפּפאַלן די קייטן פון די פּײַערישע הענט.

— קיין אָרענבורג! קיין אָרענבורג! — האָבן געשריגן טויזנטער שטימען.

אַכט און צוואַנציק וויאָרסט פאַר אָרענבורג האָט פּוגאַטשאָוו פאַרנומען די שטאָט סאַקמאַרע. פאַר דער שטאָט איז פאָרגעקומען אַ פאַרביטערטע שלאַכט, אָבער דאָס רעגירונגס־מיליטער האָט זיך גענייט צוריקציען און איז זיך צעלאָפן. די אײַנוואוינער פון דער אומגעגנט האָבן געשטיצט פּוגאַטשאָוון און מיטגעהאָלפן פאַרטרייבן דאָס רעגירונגס־מיליטער. ווען פּוגאַטשאָוו איז אַרײַנגעריטן אין סאַקמאַרע, האָט אים דער רוב פון די אײַנוואוינער געמאַכט אַ פייערלעכן קבלת־פּנים, מ'האָט אים אָפּגעגעבן כבוד, ווי אַן אמתן צאַר און פון אַלע זייטן איז מען געקומען צו אים מיט אָנקלאַגעס אויף די פּריצים, אויף די רעגירונגס־באַאַמטע. אַזוי איז געקומען צו אים אַ יונג מיידל, אַנידערגעפאַלן צו די פיס און מיט אַ וויינענדיק קול גענומען דערציילן:

מיהאָב געהערט,

— הער מיך אויס, צאַר באַטיושקאָ! צאַר באַטיושקאָ! אַז
אַן דו נעמסט דיך אָן די עולות פון אַלע לייבאייגענע,
דו ביסט דער פאָטער און באַשיצער פון פויערן־פאָלק. הער
דו ביסט דער פאָטער און באַשיצער פון פויערן־פאָלק. הער
דער פריץ סאַמאַראָוו,
ושע אויס, וואָס מיין אונטערדריקער, דער פריץ סאַמאַראָוו,
האָט געטון מיט מיר. ער האָט מיך צוגעבונדן צו אַ בוים,
כיך אויסגעטון נאַקעט און געשלאָגן, געשלאָגן אַזוי לאַנג
ביז איך האָב געחלשט און דערנאָך... דערנאָך, ווען איך
בין צו זיך געקומען, האָב איך דערזען... — דאָס מיידל
האָט ווייטער נישט געקאָנט רעדן און געשלונגען די טרערן.
— ווייַן נישט, דערציייל בקיצור, וואָס דער פריץ האָט
מיט דיר ווייטער געטון, — האָט פוגאַטשאָוו געפרעגט און
זיינע אויגן האָבן געגומען שפריצן מיט פייער.
— ער האָט מיך באַצוווּנגען... לאַנגע שעהן געפיי־
ניקט... איך בין עטלעכע טעג געלעגן קראַנק.
פוגאַטשאָוו האָט צוגערופן איינעם פון זיינע אַדיו־
טאַנטן און באַפוילן:
— ברענג אַהער דעם פריין סאַמאַראָוו. לייען אים פאָר
מיין אורטייל: פאַר פייניקן און פאַרגוואַלדיקן זיינע לייב־
אייגענע פרויען ווערט ער פאַרמישפּט צו הענגען. זאָל דאָס
מיידל זען, ווי מען הענגט איר פייניקער. די נקמה פון די
אונטערדריקטע וועט זיין זער אַ שטרענגע!
די פריצים און די רעגירונגס־טרייע באַאַמטע, וועלכע
האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן פון סאַקמאַרע, האָבן זיך
אויסבאַהאַלטן אין קעלערס און ביי געוויסע פויערן אין די
כטאַדאָלעס. סאַמאַראָוון איז שווער געווען אויסצוגעפונען,
אָבער פוגאַטשאָוו האָט שטרענג באַפוילן, אַז סאַמאַראָוו מוז
געכאַפּט ווערן. פוגאַטשאָוו האָט אַרויסגעלאָזט אַ וואָרנונג
צו די איינוואוינער, אַז ביי וועמען מען וועט פאַקן אויס־

באַהאַלטן זיך סאַמאָראָזן, וועט יענער ווערן אויסגעהאָנגען צוזאַמען מיטן פּריץ. דאָס האָט געהאָלפן. אין עטלעכע טעג אַרום איז געקומען צוגיין אַ פּויער און אָנגעוויזן וואו סאַמאָראָוו האָט זיך אויסבאַהאַלטן. מ׳האָט דעם רייכן גוטסבאַזיצער באַלד געבראַנגט צו פּוגאַטשאָוון. פּוגאַטשאָוו האָט אים שטרענג אַ פרעג געטון:

— האָסט פאַרגוואַלדיקט און געפּייניקט דיין לייב אייגענע אַנאַסטאַסיאַ?

— דאָס איז מיין זאַך. איך קאָן מיט מיינע לייב אייגענע טון, וואָס מיר געפעלט. איך האָב פאַר זיי באַצאָלט געלט, — האָט געענטפערט דער פּריץ.

— און איך מעג מיט דיר, הינטישע צורה, טון וואָס מיר געפעלט? — האָט פּוגאַטשאָוו בייז געפרעגט.

— ניין, ווייל איך בין נישט דיין לייב אייגענער. איך בין אַ פּריץ, איך געהער צום אָדל, קיינער האָט נישט קיין רעכט מיט מיר זיך צו באַגיין שלעכט.

— נו, אויב אַזוי וועלן מיר זען, צי אַ פּריץ הענגט בעסער אויף אַ בוים, ווי אַ געוויינלעכער בשר ודם, — האָט פּוגאַטשאָוו געענטפערט מיט אַן איראָנישן שמייכל, — דיין האַלדז איז דאָך דערוועלבער, וואָס ביי דיין לייב אייגענע אַנאַסטאַסיאַ, יאָ? נו, פירט אים אַוועק און זאָל ער מער נישט קוקן מיט זיין הינטישער צורה אויף גאָטס וועלט.

אויב קעגן אַ פּריץ איז נישט געווען קיין שטאַרקע אָנקלאַגעס, האָט אים פּוגאַטשאָוו נישט געהאָנגען. די פּריצים, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן, פלעגן בעטן ביי זייערע לייב אייגענע פּויערן רחמים, אַז זיי זאָלן זיי נישט פאַרסרן פאַר פּוגאַטשאָוון.

— דערצייל נישט, אַז איך האָב דיך געשמיסן! —
פּלעגט אַ פּריץ בעטן ביי דעם פויער, וועלכן ער האָט
ערשט נישט לאַנג שיר נישט פאַרשמיסן צום טויט.

## בלאָפּושט

ווען צום גובערנאַטאָר רײנסדאָרפּ איז אָנגעקומען די
ידיעה, אַז די „בונטאָווטשטשיקעס" מאַרשירן אויף דער הויפּט־
שטאָט פון דער גובערניע, אויף אָרענבורג, אַז פוגאַטשאָוו
האָט שוין פאַרנומען דעם וויכטיקן סטראַטעגישן פּונקט סאַק־
מאַרע, וואָס עפנט אַ גלייכן וועג קיין אָרענבורג, — ווען
רײנסדאָרף האָט באַקומען די דאָזיקע אַלע טרויעריקע ידיעות,
האָט ער זיך גענומען ענערגיש צוגרייטן צו דער פאַרטיי־
דיקונג פון דער שטאָט. איצט האָט ער שוין געווּסט, אַז ער
האָט נישט צו טון מיט קיין „באַנדע בראָדיאַגעס" און „רוי־
בערישע חברה". פאַר אים איז איצט קלאָר געווען, אַז דאָס
איז אַן ערנסטער בונט, וועלכן מען דאַרף זען וואָס שנעלער
צו דערשטיקן.

רײנסדאָרף האָט זיך געלאָזט אויף אַ גליטשיקן וועג,
עדי צו באַזיגן פוגאַטשאָוון. ער האָט געוואָלט מיט פאַראַט
געבן פוגאַטשאָוון אַ טויט־קלאַפּ. די צאָל פון די בונטאָווי־
שטשיקעס איז געוואָרן גרעסער פון טאָג צו טאָג, די סימ־
פּאַטיע צו פוגאַטשאָוון איז כסדר געוואַקסן, גאַנצע געגנטן
זענען צו אים צוגעשטאַנען. אַרויסגיין איצט אין אָפענעם
קאַמף איז געווען אוממעגלעך, פאַרטיידיקן אָרענבורג איז
געווען זייער שווער. אָבער דורך פאַראַט קאָן מען אַלעמאָל
עפּעס אויפטון, האָט רײנסדאָרף זיך געטראַכט, און ער האָט
גענומען זיך אויספירן פאָלגנדיקן פּלאַן.

אין אָרענבורגער תפיסה איז געזעסן א געוויסער כלאָפּושאַ, וועלכער איז אָפּגעקומען אַ שטראָף. געזעסן איז ער העננט אין פיס געשמידט מיט א קייט צו דער וואַנט. פאַר פאַרשידענע פאַרברעכנס איז ער צוויי מאָל געווען פאַרשיקט קיין סיביר, פון וואַנען ער איז ביידע מאָל געהאַט אַנטלאָפן, פיר מאָל האָט ער געהאַט אויף זיך די שווערע שטראָף פון ווערן געשמיסן מיט געפלאָכטענע שטריק. איצט איז ער געזעסן אַ צוגעשמידטער צו דער וואַנט אין אָרענבורגער תפיסה. די נאָזלעכער זענען ביי אים געווען אויסגעריסן און אויפן געזיכט האָט ער געהאַט אויס־געברענטע צייכנס.

זיינע פאַרברעכנס זענען באַשטאַנען דערין, וואָס ער האָט דערהרגעט אַ סטאַרשינאַ פון קאָזאַקן און צושלאָגן די אויפזעער פון די אַלע תפיסות, וואו ער איז געזעסן. די אָרענבורגער מאַכט האָט אים געהאַלטן פאַר אַ געפערלעכן פאַרברעכער און דאָס געריכט האָט אים פאַרמשפט צו צוואַנציק יאָר תפיסה און צו זיצן כסדר צוגעשמידט צו דער וואַנט.

אָט צו דעם דאָזיקן כלאָפּושאַ אין קאַמער איז איינמאָל אַריינגעקומען דער גובערנאַטאָר אַליין און דערקלערט:

— הער, כלאָפּושאַ, אויב דו וועסט זיך אונטערנעמען אויסצופירן אַ געוויסע זאַך, א זאַך לטובת דעם פאָטערלאַנד, וועסטו תיכף באַפרייט.

כלאָפּושא האָט זיך האַסטיק אַ באַוועג געטון אַזוי, אַז די קייטן, מיט וועלכע ער איז געווען צוגעשמידט, האָבן גע־נומען קלינגען. ער האָט פאַרוואונדערט אָנגעקוקט דעם גובער־נאַטאָר און געפרעגט:

— צי לאַכט איר פון מיר? איך וויל נישט, אַז איר
זאָלט פון מיינע צרות חוזק.
— כלאָפּושאַ, איך מיין עס ערנסט, — האָט דער גו
בערנאַטאָר דערקלערט, — אויב דו וועסט מיר צושווערן, א
דו וועסט אויספירן דאָס, וואָס איך וועל דיך הייסן, וועסט
באַלד באַפרייט פון די קייטן און ארויסגעלאָזט אויף דער פריי
— איך בין אייך גרייט צו טון. די קייטן האָבן מי
שוין אויפגעפרעסן דאָס לייב. איך וויל שוין בעסער דע
טויט, — האָט כלאָפּושאַ געענטפערט.
— דו וועסט באַלד באַפרייט. הער, אין וואָס עס גייט.
אַ געוויסער הברהמאַן מיטן נאָמען פּוגאַטשאָוו האָט צונויפגע
נומען אַ באַנדע בראָדיאַגעס און גנבים, ער שטעלט זיך פאָ
פאַר ווי אַלס דער צאַר פּיאָטר דער דריטער און גרייט זי
צו פאַרכאַפּן אָרענבורג. מיר איז אַ שאָד אַרויסצושיקן קעג
איבּ מיין מיליטער. צו וואָס זאָלן מענטשן געה געט ווערן צ
ליב אַזאַ אויסוואורף? איך וויל איבּ בעסער כאַפּן לעבעדי
קערהייט, פאַרשטייסט? ווי אַזוי זשע מאַכט מען דאָס? גאָ
פּשוט. דו וועסט אָנקומען אין זיין לאַגער. איך וועל די
מיטגעבן געלט, כדי דו זאָלסט קענען איבערקויפ
זיינע נאָהענגער. באַזונדער וועסטו זיי אַגיטירן א
אויפווייזן, אַז ער איז אַ פּשוטער קאָזאַק, אַ פאַרברעכער,
גנב. ווען דו וועסט שוין האָבן אַ סך פון זיינע אָנהענגע
אויף דיין זייט, זאָלסטו צוזאַמען מיט זיי אים באַפאַלן, בינד
און ברענגען צו מיר. ברענגסטו אים אהער, באַקומסטו פ
מיר צען טויזנט רובל.
— צען טויזנט רובל? הם... — האָט כלאָפּושאַ געענט
פערט פאַרטראַכטערהייט. — נו, גוט, איך נעם מיך אונטע
— נישט בלויז דאָס. — האָט ריינסדאָרף אים אונטער

געגעבן **חשק**, — חוץ די צען טויזנט רובל וועסטו באַקומען אַ מתנה פֿון איר מאַיעסטעט, דער קייזערין. אַלזאָ, נעמסטו זיך אונטער? איך ־גיב שוין אַרויס אַ באַפֿעל צו באַפֿרייען דיך פֿון די קייטן און אַרויסלאָזן דיך פֿון תּפֿיסה.

— וואו געפֿינט זיך דער דאָזיקער פּוגאַטשאָוו מיט זיינע בונטאָווטשטשיקעס? — האָט כלאָפּושאַ געפֿרעגט.

— זיין לאַגער געפֿינט זיך איצט אין סאַקמאַרא, — האָט רייגסדאָרף געענטפֿערט, — דו וועסט קומען צו אים און מפֿלומרשט דערקלערן, אַז דו ביזט אַנטלאָפֿן פֿון תּפֿיסה און דו שליסט דיך אָן אין אים. ער וועט דיך זיכער אויפֿנעמען, ווייל ער נעמט־אויף אַלעמען, וואָס קומט נאָר צו אים, באַזונדערס אַנטלאָפֿענע אַרעסטאַנטן. אין עטלעכע טעג אַרום וועסטו אָנהויבן די אַגיטאַציע. לכתחילה דאַרפֿסטו עס טון פּאָרזיכטיק, סטיערהייט, ווייל אין קעגנפֿאַל קאָנסטו זער שלעכט אָפּשניידן.

— זאָרגט איך נישט, וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ, איך וועל שוין וויסן ווי צו האַנדלען, — האָט כלאָפּושאַ געענטפֿערט אין אַ וואונק געטון מיטן אויג, — איר וועט נאָך האָבן פֿון מיר נחת...

— אין אַ האַלבע שעה אַרום ביזטו פֿריי, — האָט רייגסדאָרף פֿייערלעך דערקלערט. — מ׳וועט דיך ברענגען צו מיר אין קאַנצעלאַריע און דאָרטן וועל איך דיר שוין געבן געניטע אָנווייזונגען, ווי צו האַנדלען.

צומאָרגנס נאָך דעם דאָזיקן שמועס האָט זיך כלאָפּושאַ געשלעפּט מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס אויפֿן וועג קיין סאַקמאַראַ. לויט רייגסדאָרפֿס אָנווייזונגען האָט ער געדאַרפֿט אונטערקויפֿן פּוגאַטשאָווס אַדיוטאַנטן, אַז זיי זאָלן בינדן דעם עלטסטן און אים ברענגען אַ געפֿאַנגענעם קיין אָרענבורג.

אָבער כלאָפּושאַ האָט איצט שוין געטראַכט אַנדערש.
גייענדיק אויפן וועג צו פּיגאַטשאָווס לאַגער, האָט ער באַגעגנט
עטלעכע פּויערן, וועלכע האָבן אים דערציילט, וואָס פּיגאַטשאָוו
טוט אויף און פאַר וועמען זיין מחנה שלאָגט זיך.

— די פּריצים און אַלע מאַכטהאָבער ציטערן פאַר אים,—
האָבן די פּויערן דערציילט און כלאָפּושאַ האָט זיך נייגעריק
איינגעהערט צו זייערע רייד. — די ערד, וואָס האָט געהערט
צו די פּריצים, צעטיילט ער צווישן די פּויערן. ענדלעך איז
געקומען אַ מענטש, וואָס באַפרייט די לייב־אייגענע פון זייער
הינטיש לעבן! די פּויערן בענטשן אים, די קאָזאַקן האָבן אים
ליב, ווי ער וואָלט געווען זייער אייגענער פאָטער און די קיר־
גיזישע פאַסטוכעס לויבן זיין נאָמען און זינגען וועגן אים לי־
דער. אָט דאָס הייסט אַ גיטער צאַר, וואָס זאָרגט וועגן גליק
פון זיין פאָלק.

ווען כלאָפּושאַ האָט איבערגעהערט די דאָזיקע רייד, האָט
ער געטראַכט: צו וואָס טויגן אים די מתנות פון יעקאַטערינען?
ווייניק האָבן אים געמאַטערט אירע אָפיצירן? ווייניק שמיץ
האָט ער באַקומען פון אירע סאָלדאַטן? אַז מ'האָט אים גע־
דאַרפט, ער זאָל אָפּטין אַ מיאוס שטיקל אַרבעט, אַז ער זאָל
ווערן אַ שפּיאָן און פאַררעטער, האָט מען אים באַפרייט פון
תפיסה. אַנדערש וואָלט ער פאַרפוילט געוואָרן, זייענדיק צו־
געשמידט צו דער וואַנט. וועמען גייט ער פאַרראַטן, וועמען
גייט ער איבערגעבן אין די הענט פון יעקאַטערינעס גובער־
נאַטאָר? אַ מענטש, וואָס באַפרייט די פּויערן פון „פּאַנ־
שטשיזנע", וואָס נעמט זיך אָן דעם גורל פון אַלע גערודפטע
און געפּייניקטע. אַ מענטש, וועלכער קעמפט פאַרביטערט קעגן
יעקאַטערינאַס גענעראַלן? זאָל ער פאַרן פרייז פון דער פריי־
הייט ווערן אַ פאַררעטער? פאַרקערט, ער דאַרף זיך שטעלן

אין איין ריי מיט דעם דאָזיקן פוגאַטשאָוו. ווערן־זיין מיט־
העלפער. ער, כלאָפושאַ, דאַרף נקמה נעמען פאַר די צרות,
וואָס מען האָט אים אָנגעטאָן, פאַר סיביר, פאַר די תפיסות,
פאַר די שמיץ, פאַר אויסרייסן אים די נאָזלעכער, פאַר אויס־
ברענען די צייכנס אויפן געזיכט! פאַרוואָס זאָל ער מיט־
העלפן יענע, וועלכע האָבן אים יאָרנלאַנג געפייניקט און
פאַרראַטן די, וועלכע נעמען נקמה פאַר זיינע עוולות? ווער
איז איצט זיין אמתער פריינט? ריינסדאָרף, צי פוגאַטשאָוו?
ריינסדאָרף האָט אים, כלאָפושאַן, געגעבן די פרייהייט, כדי
ער זאָל ווערן אַ מיאוס׳ער פאַררעטער און פוגאַטשאָוו באַ־
פרייט אַלע אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן געזינדיקט קעגן יעקאַ־
טערינעס רעגירונג, ווייל ער קעמפט פאַר דער פרייהייט.
ניין, כלאָפושאַ וועט קיין פאַררעטער נישט ווערן. דער אמתער
פריינט זיינער איז פוגאַטשאָוו – און נישט ריינסדאָרף.

מיט די דאָזיקע געדאַנקען איז כלאָפושאַ אָנגעקומען
קיין סאַקמאַרא און געבעטן אַן אודיענץ ביים „צאַר פיאָטר
דעם דריטן". לכתחילה האָט מען אים צו פוגאַטשאָוון נישט
געוואָלט צולאָזן, געפרעגט, וואָס ער דאַרף. כלאָפושאַ האָט
קיין קלאָרן ענטפער נישט געוואָלט געבן. אָבער ווען ער
האָט דערקלערט, אַז ער איז געקומען אין שליחות פון גו־
בערנאַטאָר ריינסדאָרף, האָט מען אים צו פוגאַטשאָוון צוגע־
לאָזט.

— וואָס, דיין גובערנאַטאָר שיקט צו מיר שליחים?
ער וויל שלום? — האָט פוגאַטשאָוו באַגעגנט כלאָפושאַן מיט
איראָנישע ווערטער, — זאָג אים, אַז איך וועל שליסן שלום,
ווען זיין קערפער וועט הענגען אויף אַ בוים נעבן מיין
לאַגער. איך שליס נישט קיין שלום מיט יעקאַטערינעס הינט,
דו הערסט? זאָג וועגן דעם דיין גובערנאַטאָר.

— מיך האָט טאַקע געשיקט דער גובערנאַטאָר רײנס־דאָרף, — האָט כלאָפּושאַ געענטפערט, — אָבער נישט װעגן קײן שלום. ער האָט מיך געשיקט, אַז איך זאָל העצן קעגן דיר דײנע אָנהענגער, ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל איבערקױפן דײנע אַדיוטאַנטן, זײ זאָלן דיך בינדן און ברענגען צו אים אַ לעבעדיקן. אָט האָסטו די אױפרופן, װאָס ער האָט מיר מיטגעגעבן.

כלאָפּושאַ האָט אַרױסגענומען פון זאַק די אױפרופן און זײ דערלאַנגט פוגאַטשאָװן. פוגאַטשאָװ האָט גענומען אײן אױפרוף, אָבער ער האָט אים נישט דורכגעלײענט, נאָר, האַלטנדיק אים אין דער האַנט, האָט ער פאָרשנדיק אָנגעקוקט כלאָפּושאַן.

— זאָג נאָר, צי ביסטו נישט אַמאָל אַראָפּ פון זינען, אָדער ביסט געקומען מיך אָפּנאַרן? — האָט פוגאַטשאָװ שטרענג אַ זאָג געטון. — ביסט אַ שװינדלער, צי אַ משוגענער? זאָג!

כלאָפּושאַ האָט אַ שמײכל געטון:

— נײן, באַטיושקאַ מײנע געדאַנקען זענען קלאָר און מײן האַרץ איז ערלעך, — האָט ער געענטפערט, — דער גובערנאַטאָר רײנסדאָרף האָט מיך געשיקט אַהער צו װערן אַ פאַררעטער, אָבער איך װיל קײן פאַררעטער נישט זײן! דער גובערנאַטאָר האָט מיך באַפרײט פון תּפיסה מיט דעם אײנציקן צװעק צו מאַכן מיך פאַר דײן מערדער. אָבער איך װיל בעסער זײן דײן מיטהעלפער, װײל דו ביסט ערלעך און מײנסט די טובה פון פאָלק און זײ, יעקאַטערינעס מענטשן, זענען הינט און פײניקער פון די פױערן. זעסט, איך זאָג דעם גאַנצן אמת, װײל װען איך װאָלט געװען אַ שװינדלער, װאָלט איך געקומען צו דיר, באַטיושקאַ, געװאָרן

פלומרשט דיינס אָן אָנהפּנגער און הינטער דיינע פּלייצעס לפּהפּצט קעגן דיר. אָבער איך דערצייל דיר צלץ אָפן. אך האָב גצואָלט זיין דיין פּאַרטיליקער, איך בין געשיקט געוואָרן דיך צו פאַררעטן, אָבער איך וויל זיין דיין פריינט. איך וויל ווערן דיין מיטקעמפּער.

לכתחילה האָט פוגאַטשאָוו נישט געטרויט כלאָפּושאַן. ער האָט געמיינט, אַז דאָס איז אַ שפּיצל פון רייניסדאָרפן. ער האָט דעריבער באַפוילן אָוושיניקאָוון און פאָטשיטאַלינען, אַז זיי זאָלן כלאָפּושאַן האַלטן אַ געוויסע צייט אונטער אָבסערוואַציע. אָבער אינגיכן האָט ער זיך איבערצייגט, אַז כלאָפּושאַ מיינט עס ערנסט, אַז ער איז מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער פוגאַטשאָווישער מחנה. פוגאַטשאָוו, זעענדיק, אַז כלאָפּושאַ איז ווייער אַ פּעיקער, האָט ער אים באַשלאָסן אויסצוניצן. אין דער געוועזענער אין קייטן-געשמידטער געפאַנגענער פון אָרענבורגער תפיסה, איז איצט געוואָרן פוגאַטשאָווס נאָנטער מיטאַרבעטער.

— כלאָפּושאַ איז איינער פון מיינע געטרייסטע מיטהעלפער, — האָט שפּעטער פוגאַטשאָוו דערקלערט, — ער האָט אין זיך בלוט פון אַ בהמאַר און, ווען ער רעדט, צינדט ער אָן די נשמות פון די פויערן.

אין דערזעלבער צייט איז ריינסדאָרפּ אַרומגעלאָפן אין זיין קאַבינעט און געוועדט מיט אַ נערווועזער שטים צו זיין סעקרעטאַר:

— אַזאַ הינטישער זון, אַזאַ כוליגאַן! געגעבן אים געלט, אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי און ער האָט מיך אַזוי מיאוס פאַררעטן! ווען איך פּאַק איצט דעם דאָזיקן כלאָפּושאַ, וואָלט איך אים אויף שטיקער צעריסן!

כלאָפּושעס אָנוזן איז שטאַרק געוואַקסן צווישן פּוגאַ·

טשאָווס אָנהענגער. צוליב זיין גרויסן רעדנער־טאַלאַנט האָבן אים די מאַסן פויערן און קאָזאַקן שטאַרק ליב געקריגן. ווען כלאָפּושאַ פלעגט רעדן, דערציילן וועגן זיינע ליידן אין סיביר און אין די תּפֿיסות, פלעגן זיך די פויערשע פויסטן בייזן פאַר כעס און די פויערן זענען דאַמאָלס גרייט געווען צו גיין אין קאַמף אויף לעבן און טויט מיטן רעגירונגס־מיליטער. ווייסנדיק, אַז כלאָפּושאַ קאָן אַ סך אויפטאָן מיט זיין רעדנער־טאַלאַנט, האָט אים פּוגאַטשאָוו אַוועקגעשיקט צו די אַרבעטער אין אַוויזנאַ־פּעטראָווער זאַוואָד, כדי ביי זיי אויסצופירן, אַז זיי זאָלן אויסאַרבעטן געווער פאַר פּוגאַטשאָווס חיל. כלאָפּושאַ איז איצט געוואָרן די רעכטע האַנט פון פּוגאַטשאָוון און דער פירער פון פויערן־אויפשטאַנד פלעגט זיך וועגן יעדן וויכטיקן שריט באַראַטן מיט כלאָפּושאַן.

## יעקאַטערינעס הייסע שיטן זאַלץ...

דערווייל האָט פּוגאַטשאָוו נישט אָפּגעשטעלט זיין מאַרש. אין סאַקמאַרע האָט ער באַוואָרנט אַלע מאַנסלייט, וואָס זענען פעאיק צו טראָגן געווער און מיט אַ מחנה פון צוועלף טויזנט מאַן און אַ סך האַרמאַטן האָט ער דעם 5־טן אָקטאָבער גענומען באַלאַגערן אָרענבורג. ער האָט אָפּגעשניטן אַלע וועגן פון דער שטאָט, נישט געלאָזט צופירן דאָרט קיין שפּייז און געוואָלט צווינגען מיט הונגער ריינסדאָרפן זיך אונטערצוגעבן.

די ידיעה, אַז דער בונט אונטער דער אָנפירונג פון פּוגאַטשאָוון, האָט זיך אַזוי ברייט פונאַנדערגעוואַקסן און פּוגאַטשאָווס מחנה באַלאַגערט שוין אָרענבורג, האָט אין פּעטער-

בורג אַרויסגערופן אַ גרויסע באַאומרואיקונג. לכתחילה האָט די רעגירונג באַגאַטעליזירט דעם גאַנצן ענין, זי האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל דעם אָרענבורגער גובערנאַטאָר, אַז ער זאָל מיט איין קלאַפּ פאַרניכטן דעם בונט. אָבער ווען דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן, ווען פוגאַטשאָווס איינפלוס האָט גענומען וואַקסן פון טאָג צו טאָג און ער האָט אָפּגעהאַלטן איין נצחון נאָכן אַנדערן, האָט מען זיך אין פעטערבורג דערשראָקן. הייסט עס, אַז דאָס איז נישט קיין לאָקאַלע באַוועגונג, ווי מ'האָט לכתחילה גערעכנט, נאָר אַן אמתע רעוואָלוציע: אַ באַוועגונג, וואָס כאַפּט אַרום, ווי אַ פייער גאַנצע גובערניעס, אַ בונט, מיט וועלכן די ביז איצט אַרויסגעשיקטע מיליטער-טיילן קאָנען זיך נישט קיין עצה געבן און טרעטן אָפּ אין בהלה פאַר דער מעכטיקער מענטשן-כוואַליע, וואָס פוגאַטשאָוו שטעלט אַרויס. אפילו די צאַרין האָט זיך שטאַרק דערשראָקן: אַ בונט נאָך פון די לייב-אייגענע פויערן? דאָס קאָן דאָך פאַרפלייצן דאָס גאַנצע לאַנד, אַן אמתע מגפה!...

זי האָט צונויפגערופן אַ קריגס-ראַט און געפאָדערט, אַז מ'זאָל קעגן די „ווידערשפעניקע" אָננעמען די שטרענגסטע מיטלען. און איר באַפעל צום גענעראַל קאַר האָט יעקאַטערינע געשריבן, אַז „מ'זאָל אויפזוכן דעם באַנדיט פוגאַטשאָוו און זיין רויבערישע באַנדע און זיי פאַרניכטן ביזן וואָרצל".

די רעגירונג איז געווען אַזוי באַאומרואיקט צוליבן פוגאַטשאָוו-בונט, ווייל די דאַמאָלדיקע מלחמה מיט טערקיי איז נאָך נישט געווען פאַרענדיקט, די באַציאונגען מיט די שוועדן זענען געווען זייער אָנגעשטרענגטע און אָט נאַדיר גאָר אינמיטן אַ בונט אין לאַנד גופא... דאָס האָט געדראָט מיט אַ מלוכה איבערקערעניש. „ווער ווייסט וואָס פון אַזאַ בונט קאָן אַרויסקומען, — האָט יעקאַטערינע אויפגעקלערט איר

גענעראַלן, — עס קאָן זיך אויפהויבן אַן אַלגעמיינער אויפ־
שטאַנד פון אַלע לייב־אייגענע פויערן אין גאַנץ רוסלאַנד.
דאַמאָלס איז דער טראָן אין געפאַר אין די בונטאָווששי־
קעס וועלן דאַן אויפהענגען אַלע פריצים". די צאַרין איז
געווען דערפאַר, אַז מ'זאָל אָנווענדן די שאַרפסטע, אכזריות־
דיקסטע מיטלען, כדי נישט צו דערלאָזן, אַז דער אויפ־
שטאַנד זאָל זיך ווייטער פאַרשפרייטן!

— וואָס מער תליות איר וועט אויפשטעלן, אַלץ שנעל־
לער וועט פאַרניכטעט ווערן פוגאַטשאָוו מיט זיין באַנדע, —
האָט זי געצעהט אירע גענעראַלן.

אָבער היות, ווי בלויזע תליות העלפן נישט, האָט יע־
קאַטערינע באַשלאָסן אויך „אויפצוקלערן" דאָס פאָלק וועגן
דער געפאַר פון דער פוגאַטשאָווישער באַוועגונג. זי האָט
אַרויסגעלאָזט אַ מאַניפעסט, וועלכער איז היפּשוּבלעך פאַר־
שפרייט געוואָרן אין די קאַנטן, וועלכע זענען געלעגן נאָענט
צו אָרענבורג. אין דעם מאַניפעסט האָט די צאַרין געשריבן,
אַז „די איינציקע, וועלכע טראַכט וועגן וואוילשטאַנד פון
פאָלק איז די קייזערין" אין, אַז „דער „סאַמאָזוואַניעץ" פו־
גאַטשאָוו איז אַ רויבער, מיט וועלכן קיין שום ערלעכער
רוסישער מענטש טאָר נישט האָבן קיין מגע ומשא". אַלע
פּאָפּן און יעפּיסקאָפּן האָבן באַקומען אַ באַפעל צו שטראָפן
די פויערן מיט מוסר־רייד, אַז זיי זאָלן, חס־וחלילה, נישט
אַרונטערפאַלן אונטער דער „שעדלעכער ווירקונג" פון דעם
„רויבער און אויסוואורף יעמעליאַן פוגאַטשאָוו". די פּאָפּן
האָבן אין די צערקוועס געדרשנט, אַז גאָט וועט שטראָפן
יעדן איינעם פויער, וואָס וועט אַרויסטרעטן קעגן זיין פריץ,
אָדער קעגן דער צאַרין און, אַז דער געבאָט פון דער פּראַ־
וואָסלאַוונער רעליגיע איז צו דינען טריי און אונטערטעניק

עם קיזוערלעכן הויז. מ'האָט די פינצטערע לייב־אייגענע
יערן געשראָקן מיט שרעקלעכע יסורים אין גיהנום, אויב
י וועלן צושטיין צו פוגאַטשאָוון,־ ווייל „פוגאַטשאָוו, — האָבן
דרשנט די פּאָפּן, — איז אַראָפּגעשיקט געוואָרן פון טייוול
מצוברעכן די וועלט"...
יעקאַטערינע האָט באַפוילן „איבערצייגן" דאָס פאָלק
ט וואָס עס וועט זיך גאָר לאָזן: מיט תליות, מיט דרשות
עבן גיהנום, אָדער מיטן טייוול. גלייכצייטיק האָט זי אַרויס·
עשיקט דעם גענעראַל קאַר מיט אַן אַרמיי פון 3500 מאַן,
ע ער זאָל „אויסראָטן די פוגאַטשאָווישע באַנדע" מיט איין
לאַפּ.

אָבער קאַרס עקספּעדיציע האָט געליטן אַ שרעקלעכע
פּלה. אַ סך פון זיינע סאָלדאַטן זענען פרייוויליק איבער·
עגאַנגען צו פוגאַטשאָוון און די רעשט איז צעקלאַפּט גע·
וואָרן. דער גענעראַל קאַר אַליין איז אַנטלאָפן קיין קאַזאַן.
צוליב דעם, וואָס קאַר האָט געליטן אַזאַ מפּלה, האָט
קאַטערינע באַשטימט אויף זיין אָרט דעם גענעראַל א. ג.
ביקאָוו, וועלכער האָט גענומען צוגרייטן אַ גרעסערע אַר·
י, וואָס זאָל זיך קאָנען אַן עצה געבן מיט פוגאַטשאָוון.
אָבער פוגאַטשאָוו האָט דערווייל אָפּגעהאַלטן נצחונות
שט אַזוי אויפן מיליטערישן געביט, ווי אויפן געביט פון
אָקומען אַלץ נייע אָנהענגער. פון די ווייטסטע געגנטן זע·
ן געקומען פויערן·דעלעגאַציעס און אים אויסגעדריקט
ערקענונג און מיטהילף אין נאָמען פון מיליאָנען פאַר·
קלאַפּטע לייב·אייגענע פויערן.
די באַלאַגערונג ביי אָרענבורג האָט נאָך אַלץ געדוי·
רט. ריינסדאָרפ האָט נאָך געהאַט זאַפּאַסן עסנוואַרג און
אָט זיך דעריבער ניסט געוואָלט אונטערגעבן, וואַרטנדיק

ביז ס׳וועט קומען הילף פון דרויסן. פוגאַטשאָוו ווידער האָט נישט געוואָלט, אַז דער קאַמף זאָל בלייבן שטיין בלויז ביי אָרענבורג. מ׳האָט געמוזט פאַרשפּרייטן דעם בונט אויף נאָך אַ ריי גובערניעס, ראַטעווען די פויערן, וועלכע האָבן געבעטן הילף, ווייל וואו פוגאַטשאָוו איז נאָר אַריינגעקומען, זענען די פויערן געוואָרן באַפרייט און באַקומען אומזיסט ערד. בלייבנדיק אַליין מיט אַ געוויסער צאָל מיליטער הינטער אָרענבורג, האָט ער צוגעשיקט זיינע געהילפן, אַז זיי זאָלן גיין שטורמען אַנדערע שטעט. פוגאַטשאָווס נאָנטער געהילף, אַנדריי באָראָדין, האָט זיך געלאָזט מיט אַן אָפּטיילונג קיין סאַמאַראַ, כלאָפּושאַ האָט מיט אַ צווייטער אָפּטיילונג געשטירעמט עטלעכע פעסטונגען און זאַוואָדן, איינער פון די פעאיקסטע מיליטערישע געהילפן פון פוגאַטשאָוון, האָט גענומען באַלאַגערן די שטאָט אופאַ.

פוגאַטשאָוו האָט געהאַט זיין רעזידענץ הינטער אָרענבורג, ווייל מיט דער באַלאַגערונג פון דער שטאָט האָט ער אַליין פּערזענלעך אָנגעפירט. ער האָט געוואוינט נעבן דאָרף בערדי אין דעם הויז פון קאָזאַק סיטניקאָוו. ביים אַריינגאַנג איז תמיד געשטאַנען אַן ערן-וואַך פון 25 יאַאיצקער קאָזאַקן. פוגאַטשאָווס סעקרעטאַר איז געווען דער קאָזאַק יצקים דאַווילין. דאַווילין פלעגט פאָרלייענען פאַר פוגאַטשאָוון פאַרשידענע דאָקומענטן, איבערגעבן באַריכטן וועגן די קאַמפן, אָננעמען בקשות פון די פויערן, אָנקלאַגעס אויף די פריצים און צאַרישע רעגירונגס-באַאַמטע. דאַווילין פלעגט אויך צונויפשטעלן די מאַניפעסטן, וואָס פוגאַטשאָוו פלעגט אַרויסגעבן צו דער באַפעלקערונג פון די פאַרנומענע שטעט.

די הערשאַפט פון פוגאַטשאָוון האָט זיך איצט אויסגעשפּרייט אויף אַ ריזיקן שטח. דאָס איז געווען אַ גאַנצע

לוכה. מיטן גאַנצן באַשקירי̈ען־לאַנד האָט אָנגעפירט זאַרו־
ין, אין סאַמאַרא האָט פאַרנומען די מאַכט כלאָפושאַ. באַ־
אָדין האָט פאַרנומען א ריי שטעט. דער פוגאַטשאָוו־בונט
אָס איצט אַרומגענומען ביי א זעקס גובערניעס, וועלכע
ענען געווען אַזוי גרויס, ווי דאָס היינטיקע דייטשלאַנד.
ן דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע כוואַליע איז כסדר געוואַקסן
ון האָט געדראָט צו דערגרייכן ביז מאָסקווע. פוגאַטשאָוו
ין געוואָרן דאָס שרעקבילד פון די פריצים און גוטבאַ־
יצער.

—

דער גענעראַל ביביקאָוו, וועלכער איז דורך יעקאַטע־
ינען באַשטימט געוואָרן איבער קאַראַטעלן, איז אָנגעקומען
אין קאַזאַן אין דעצעמבער 1773. קאַזאַן איז איצט גע־
אָרן דער צענטראַלער פונקט פון רעגירונגס־מיליטער, וואָס
אָט געדאַרפט קעמפן קעגן די אויפשטענדער. די גאַנצע
געגנט איז אונטערגעוואָרפן געוואָרן אונטער ביביקאָווס מי־
ליטערישער דיקטאַטור. אַלע אַמטן זענען אַריבער אין זיי־
ע הענט, גאַנץ קאַזאַן און די אומגעגנט זענען געוואָרן
ליטאַריזירט.

ביביקאָוו האָט פאַרשטאַנען, אַז אין די געגנטן, וואָס
געפינען זיך נאָענט צו פוגאַטשאָווס פאַרניכטונג שטחים, זע־
נען די פויערן אויף דער זייט פון פוגאַטשאָוון. ס'איז קלאָר
געווען, אַז ביי א גרויסן טייל פון דער באַפעלקערונג זע־
נען פאַראַן סימפּאַטיעס צו דער פוגאַטשאָווישער באַוועגונג.
דער צאַרישער גענעראַל דאָס קלאָר געזען. און כדי צו
דערגיין ווי געהעריק דעם קאַמף קעגן די אָפענע „בונטאָווו־
שטשיקעס" מוז מען אויסראָטן די געהיימע „בונטאָווטשטשי־
קעס", די סימפּאַטיזירער באַהאַלטענע אָנהענגער פון פוגאַטשאָוון.
וועלכע קאָנען זיך ביי א געלעגנהייט פאַראייניקן מיט פוגאַ־

טשאָוס מחנה. דאַמאָלס וועט דער קאָפּ מיט פוגאַטשאָ
זיין זייער אַ שווערער.

כדי זיך קודם כל אָפּצורעכענען מיט די געהי
„בונטאָווטשטשיקעס", כדי צו דערשטיקן ביים פאָלק יע
סימפּאַטיע פאַר דער פרייהייטס-באַוועגונג פון פוגאַטשאָ
האָט ביביקאָוו געשאַפן די אַזוי-גערופענע „געהיימע קאָ
יעס" (סעקרעטנאַיאַ קאָמיסיאַ). אַזאַ „געהיימע קאָמיסיע" ה
געהאַט דיזעלבע אויפגאַבע, וואָס די שפּעטער-באַרים
„אָכראַנע". די „געהיימע קאָמיסיעס" האָבן צעשיקט אומע
שפּיאָנען און אַגענטן. ס'איז גענוג געווען, אַז אַ פּוי
זאָל זיך אויסדריקן מיט אַ סימפּאַטיש וואָרט וועגן דעם
גאַטשאָוו-בונט און ער זאָל אָן אַ שום געריכט אויפגעה
גען ווערן. די „געהיימע קאָמיסיעס", וואָס ביביקאָוו ה
געשאַפן, האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף דער באַפעלקער
מ'האָט מורא געהאַט אויסצורעדן אַ וואָרט. פאַר דער קלי
נסטער קליי־קייט האָט מען געהאָנגען. אַז אַ פּויער פּל
מיט אַ וואָרט בלויז פּראָטעסטירן קעגן דעם, וואָס ד
פּריץ האָט אים געשמיסן, איז ער דורך דער „געהיי
קאָמיסיע" אָנערקענט געוואָרן פאַר פּיגאַטשאָווס אָן אָנ
גער און ער פלעגט אָן שום טענות ומענות אויפגעהאָ
ווערן.

די פּריצים האָבן געשאַפן אַ באַזונדער פאָלק.
זאָל קעמפן קעגן פוגאַטשאָוון, הוץ דעם פלעגן זיי צושט
אַ סך פּראָוויאַנט פאַר ביביקאָווס סאָלדאַטן. די רעגיר
צוזאַמען מיט די גוטסבאַזיצער און רייכע ערד-אייגנטי
האָבן זיך געלאָזט קאָסטן גרויסע סומעס געלט, כדי צו ד
שטיקן מיטן וואָרצל די פוגאַטשאָוו-באַוועגונג. מ'האָט
סאָלדאַטן געגעבן צו עסן פון שענסטן און פון בעס

מ׳האָט פאַר זיי געהאַלטן אַגיטאַציע־רעדעס און פאַרגעשטעלט
פּוגאַטשאָװן און זיינע אָנהענגער, ווי „אַ באַנדע גזלנים“,
װאָס רויבט און מאָרדעט אויס די פרידלעכע באַפעלקערונג.
מ׳האָט כלערליי תּחבולות אָנגעװענדט, כּדי צו פאַרמיאוס,
ביים פאָלק פּוגאַטשאָװס־נאָמען און זיין פאַרגאַנגענהייט.
יעקאַטערינע האָט באַפוילן, אַז מ׳זאָל צושטערן דאָס הויז,
אין װעלכן פּוגאַטשאָװ האָט פריער געהאַט געוווינט מיט
זיין פרוי און קינדער. דאָס הויז איז אונטערגעצונדן גע־
וואָרן און דאָס אַש האָט מען פונאַנדערגעוואָרפן אויף אַלע
פיר זייטן. דאָס אָרט, וואו דאָס הויז איז געשטאַנען, האָט
מען באַשאָטן מיט אַ געדיכטע שיכט זאַלץ, אַז ס׳זאָל דאָרטן
גאָרנישט וואַקסן, אַז ס׳זאָל אויף דעם דאָזיקן אָרט זיין
אייביק פּוסט.

די אַבערגלויבערישע יעקאַטערינע האָט געמיינט, אַז
מיטן „שיטן זאַלץ“ האָט זי שוין פאַרניכטעט פּוגאַטשאָװס
זכר. אָבער דער אָנפירער פון פּויערן־בונט האָט זיך האַרציק
צעלאַכט, ווען ער האָט געהערט, אַז מ׳האָט זיין הויז פאַר־
ברענט און דאָס אָרט באַשיט מיט זאַלץ.
— אויב יעקאַטערינע וויל מיך באַקעמפן מיט זאַלץ,—
האָט זיך פּוגאַטשאָװ געוויצלט, — האָב איך גאָרנישט דאַ־
קעגן... אָנשטאָט זאַלץ וועלן מיר איר געבן פּולווער...

אָבער יעקאַטערינע האָט נישט געקעמפט בלויז מיט
קיין זאַלץ, זי האָט אויך געקעמפט מיט פּולווער. ביביקאָװ
האָט אָרגאַניזירט אַ גרויסע אַרמיי, וועלכע האָט אין פעב־
רואַר 1774 זיך געלאָזט קעגן פּוגאַטשאָװס מחנה. גרויסע
אָפּטיילונגען פון רעגירונגס־מיליטער האָבן גענומען מאַרשירן
פון פאַרשיידענע זייטן, כּדי אַרומצוזינגלען פּוגאַטשאָװן.

אָבער אַרומצורינגלען פּוגאַטשאָוון איז געווען ניט פון די
לײַכטע זאַכן, ווײַל זײַן ממשלה האָט געגרייכט פון סאַמאַ־
רא ביז די גרענעצן פון סיביר.

## פון מפּלות צו נײַע נצחונות

זײַן קאַמף קעגן פּוגאַטשאָוון האָט ביביקאָוו אָנגעהויבן
דערמיט, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ באַקאַנטמאַכונג צו
אַלע אײַנוווינער, אַז ווער עס וועט ברענגען פּוגאַטשאָוון
אַלץ אײנס, – אַ לעבעדיקן, צי אַ טויטן, – וועט באַקומען
אַ גרויסע באַלוינונג. ביביקאָוו האָט געגלייבט, אַז עס וועלן
זיך געפינען אַזעלכע פאַררעטער.

דעם ערשטן שטורעם האָט ביביקאָוו אָנגעהויבן אין
סאַמאַרא, וואָס האָט זיך געפונען אין די הענט פון פּוגאַ־
טשאָווס געהילף, באַראָדין. ביביקאָוו האָט געוואוסט, אַז אין
סאַמאַרא האָט פּוגאַטשאָוו ווייניק מיליטער און דעריבער
האָט ער דאָ געגעבן דעם ערשטן קלאַפּ. נאָך אַ צווייטאָגיקן
פאַרביטערטן קאַמף האָט באַראָדין געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט.
דער צאַרישער גענעראַל האָט אין דער שטאָט דורכגעפירט
אַ פאַרכעלע שחיטה. איף וועמען ס'איז געפאַלן דער מינדס־
טער חשד, אַז ער סימפּאַטיזירט מיט פּוגאַטשאָוון, איז גע־
פערטלט געוואָרן, דאָס הייסט – פשוט צעשניטן געוואָרן
לעבעדיקערהייט אויף פיר טיילן...

די דאָזיקע שחיטות פון ביביקאָוון האָבן אָנגעוואָרפן
אַן אימה אויף די לײַב־אייגענע פּויערן, אַז זיי האָבן מאַסנ־
ווײַז אָנגעהויבן צוריקצולויפן צו די פּריצים. די קאַמפס־
קראַפט פון פּוגאַטשאָווס חיל איז אויך אַ געוויסער צײַט
געוואָרן אָפּגעשוואַכט, ווײַל די דאָזיקע פרייוויליקע אַרמיי

די אויפשטענדער האָט זיך הויפטזעכלעך געשטיצט אויף
פויערן. די לאַגע האָט אָנגעהויבן צו ווערן זער געפער·
ך. די רעגירונגס·אַרמיי פון ביביקאָוון האָט אויך אַרויס·
שטויסן זאַרובינען פון באַשקיריען.

קעגן פוגאַטשאָוון זענען געגאַנגען נאָך צוויי אַרמייען:
נע אונטער דער אָנפירונג פון דעם פירשט גאַליצין און
צווייטע אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל דעקאַלאָנג.
יקאַטערינע האָט געוואָרפן קעגן די אויפשטענדער ריזיקע
נות מיליטער. זי האָט אפילו אָפּגעצויגן אַ סך סאָלדאַטן
ן טערקישן פראָנט, כדי צו וואַרפן אַלע מיליטערישע כוחות
גן די „בונטאָווישטשיקעס". זי האָט געוואוסט, אַז דער „אי·
ילעכער שונא" איז פיל געפערלעכער פון אויסערלעכן.
ס פוגאַטשאָוו — דאָן איז נאָכן טראָן און נאָך דער העכ·
סט פון די פריצים! ס'איז דעריבער נייטיק געווען אָנצו·
נדן די ווייטגייענדיקסטע מיטלען, צו ברענגען די גרעסטע
אָנות, כדי אַ סוף צו מאַכן מיט דעם פוגאַטשאָוו·בונט. די
ין איז געווען זער אומרואיק און פלעגט פאָדערן אַלע
ראַפּאָרטן וועגן די קאַמפן מיט פוגאַטשאָוון. די קלוגע
אַ·ין האָט זיך אָפּגעגעבן אַ געטרייען דין־וחשבון, אַז דער
גאַנג פון קאַמף מיט דער פוגאַטשאָוו·באַוועגונג קאָן דע·
ירן וועגן גורל פון דער ריזיקער מלוכה און דעריבער
ז זי נישט געזשאַלעוועט קיין געלט און מענטשן, כדי צו
שטיקן דעם פוגאַטשאָוו·בונט.

קעגן די ריזיקע נדניה, וואָס יעקאַטערינע האָט אַרויס·
שטעלט, איז פוגאַטשאָוון שווער געווען זיך אַנטקעגנצו·
עלן. ער האָט דעריבער באַשלאָסן אָפּצוטרעטן ביז די
נעצן פון סיביר. אין סיביר וועט ער אָרגאַניזירן נייע
ילונגען, ער וועט האָבן אויף זיין זייט די טויזנטער

פארשיקטע און דאמאלס וועט ער זיך ווידער לאזן קעגן רעגירונגס-מיליטער. דעם דאזיקן פלאן האט זיך פוגאטשאָ אנגעצייכנט און אנגעהויבן אפצוטרעטן.

א זער שווערן איינדרוק אויף פוגאטשאָווס אנהענגע האט געמאכט דאס פאלן פון דער טאטישטשעווער פעסטונג וועלכע איז געווען פאר פוגאטשאָוון דער וויכטיקסטע סטראטעגישער פונקט אין קאמף קעגן רעגירונגס-מיליטע אין דעם טאג, ווען דער פירשט גאליצין האט מיט שט רעם גענומען די דאזיקע פעסטונג, האט זיך אין פוגאטשאָוו לאגער אנגעהויבן א שטארקע צערודערונג. א סך אנהענגע ויינע זענען געווארן אזוי פארצווייפלט, אז זיי זענען גריי געווען אריבערצוגיין אויף דער זייט פון רעגירונגס-מיליטע און דערקלערן, אז זיי האבן חרטה. די דאזיקע פארצווייפ לונג האט זיך גענומען דערפון, וואס די דאזיקע מענטש האבן געגלויבט, אז מיטן פאלן פון דער טאטישטשעוו פעסטונג איז שוין צעקלאפט געווארן די גאנצע פוגאטשאָ באוועגונג. די סאלדאטן פון פוגאטשאָווס ארמיי האבן זי אנגעהערט וועגן די אכזריותדיקע פאקטן פון ביביקאָווס אר מיי. ביביקאָוו פלעגט די געפאנגענע סאלדאטן פון פוגא טשאָווס חייל אפהאקן די הענט, אויסשטעכן די אויגן, אדע פערטלען, איצט, נאכן פאלן פון דער פעסטונג, האבן פוגא טשאָווס סאלדאטן מורא געהאט, אז זיי וועט טרעפן דע זעלבער גורל. די שטימונג אין פוגאטשאָווס לאגער איז דע ריבער געווען זער א נידערגעשלאגענע. ס'האבן זיך געהער אפילו אזעלכע שטימען:

— ביביקאָוו און דעקאלאנג וועלן אונז אלעמען אויס שנכטן, ווי די קעלבער. ס'איז דא נאר איין וועג, ווי אזו זיך צו ראטעווען די אייגענע הויט. מ'וועט אונז אלעמ

קען דאָס לעבן, ווען מיר וועלן אַרויסגעבן אונזער פי·
פאַר דעם דאָזיקן סאַט וועט מען אונז. לאָזן צורו.
— בעסער צו שטאַרבן, איידער צו טון אַזאַ געמיינ·
— האָבן מיט אויפרעגונג געענטפערט אַנדערע סאָל·
—ווי קאָנט איר אַזעלכעס ברענגען פאַרן מויל? אונזער
יושקאַ, וואָס האָט אונז באַפרייט פון דער קנעכטשאַפט
די פריצים, וואָס האָט אונז צוטיילט די פריציש ערד,
זאָלן מיר איבערגעבן אין די הענט פון יעקאַטערינעס
טער? באַהיט אונז גאָט. אַפילו פון אַזעלכע געדאַנקען!
— אָבער, אַז מ'וועט אויסשטעכן דיר די אויגן, וועט
שוין זיין בעסער? — האָבן די בהדגישע סאָלדאַטן גע·
ווט איבערצייגן. — איך וויל בעסער זיין אַ פאַררעטער,
ער געפערלט צו ווערן לעבעדיקערהייט.
— אונזער באַטיושקאַ האָט נאָך נישט פאַרשפּילט, —
געענטפערט די מער דרייסטערע און ערלעכע, — היינט
טן מיר אַפּ, אָבער מאָרגן קאָנען מיר ווידער צוריקגע·
ן די שלאַכט, מאָרגן קאָן אונזער באַטיושקאַ ווידער זיגן.
די דאָזיקע, וואָס האָבן פאַרגעלייגט, אַז מ'זאָל אַרויס·
פוגאַטשאָוון, כדי אַזוי אַרױס צו ראַטעווען די אייגענע
זענען סוף·כל·סוף אריבערגע"אפן אין לאַגער פון רע·
נגס·מיליטער. פוגאַטשאָווס חייל איז איצט געוואָרן שטאַרק
צוואַכט. פוגאַטשאָוו האָט דעריבער געמוזט אָפּטרעטן
פון אָרענבורג. ביים אָפּטרעטן פון דער דאָזיקער
ט איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון רעגירונגס·מילי·
כלאָפּושאַ מיט עטלעכע הונדערט קאָזאַקן. די „געהיימע
כיע" האָט באַפוילן, אַז מ'זאָל כלאָפּושאַן אָפּהאַקן דעם
און אים אַרויפזעצן אויף אַ שפּיציקן דראָנג, כדי „אַלע
זען דעם סוף פון פוגאַטשאָווס אַ מיטהעלפער"

דעם 23 מערץ 1774 איז דער באַפעל אויסגעפ
געוואָרן. איידער דער תלין האָט כלאָפּושאַן אָפּגעהאַקט
קאָפּ, האָט כלאָפּושאַ זיך געווענדעט צו די אַרומיקע
פאָלגנדיקע ווערטער:

— צום צווייטן מאָל האָט מען געפּאָדערט פון
אַז איך זאָל אַרויסגעבן פּוגאַטשאָוון. מ׳האָט מיר צוגעזאָ
אַז אויב איך וועל אַרויסגעבן מיין באַפעלער, וועט
מיר שענקען דאָס לעבן. ענטפער איך אייך, הלינים,
בעסער מיין קאָפּ שטעלן אויף דעם דאָזיקן שפּיציקן דר
איידער פּוגאַטשאָוו זאָל דורך מיר אַריינפאַלן אין אי
הענט. איר וועט אים נישט באַזיגן, ווייל ס׳איז נישטאָ
מאַכט אין דער וועלט, וואָס זאָל באַזיגן דעם האַס און
צאָרן, וואָס עס פילן צו אייך די טויזנטער פּויערן און
זאַקן, וועלכע גייען מיט אים. מיט קיין שום געווער,
קיין שום כח וועט איר אים נישט מנצח זיין. אפשר ב
מיט פּאַראַט, ווייל קעגן דעם דאָזיקן צעלהאַפּטסטן פון
כלי-זיין קאָן זיך קיינער נישט ווערן. נו, תלין, האַ
כלאָפּושאַס קאָפּ, זאָל לעבן פּוגאַטשאָוו!

ער האָט אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויפן קלאָץ,
האַק פון תלין האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט און כלאָפּ
קאָפּ איז אַראָפּגעפאַלן אויפן זאַמד. אין עטלעכע מינוט
האָט ער געשטעקט אויף אַ שפּיציקן דראָנג.

דאָס רעגירונגס-מיליטער האָט גענומען נאָכיאָגן פּ
טשאָוון פון אַלע זייטן. פּוגאַטשאָווס אַרמיי האָט קוים
קאָנט שטעלן אַ ווידערשטאַנד, אָבער זי איז אָפּגעטרעטן
אָרדענונג, נישט אין קיין ווילדער בהלה. די גאַנצע גע
וועלכע האָט זיך ביז איצט געפונען אין פּוגאַטשאָווס ר
איז אַריבער אין די הענט פון רעגירונגס-מיליטער, ווע

פט דאָרט שרעקלעך זיך נוקם געווען אָן די פויערן, וואָס
בן געהאַט פריצישע ערד. בלויז אין דער שטאָט אופע
ט דער צאַרישער גענעראַל מיכעלסאָן פאַרשמיסן צום
יט זעקס הונדערט פויערן, חוץ צענדליקער פויערן, וועל־
ער האָט געהאָנגען און געפערטלט.

פוגאַטשאָוו האָט זיך צוריקגעצויגן ביז די גרענעצן פון
ביר. ער האָט זיך פאַרפעסטיקט מיט זיין אַרמיי ביי דער
זאָט טשעליאַבינסק און זיך געגרייט אָנצוהייבן צוריק צו
ראָקע אויפן רעגירונגס־מיליטער. ער האָט נאָך געגלויבט
ן זיינע כחות און געהאַלטן, אַז דאָס פויערטום וועט סוף
סוף צוריק צושטיין צו אים. קעמפט ער דאָך נישט פאַר
פריצים, נאָר פאַר דער באַפרייאונג פון מיליאָנען רוסי־
ג פויערן. וועלן זיי אים דען פאַרלאָזן? וועט זיי דען
ברעקן, וואָס די גענעראַלן פון יעקאַטערינע אָרדענען איין
בזסן־שחיטות אויף די פויערן? וועלן זיי נישט זוכן קיין
מה?

— איך מוז אויך נקמה נעמען פאַר דעם שרעקלעכן
יט פון מיין טייערן כלאָפּושאַ, — האָט פוגאַטשאָוו דער־
ערט דעם סעקרעטאַר זיינעם, דאָווילינען.

ביי טשעליאַבינסק האָט פוגאַטשאָוו צוריק אָרגאַניזירט
אַן אַרמיי, וועלכע האָט אַזויפיל געליטן פון די לעצטע
צכטן. צו אים זענען איצט צוגעשטאַנען צוויי סוויונט
פּשקירן, וועלכע האָבן אים געשוואוירן טרייהייט. ווען דער
נעראַל דעקאָלאָנג האָט זיך דערנענטערט צו טשעליאַבינסק,
י צו געבן, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, „דעם לעצטן
על די פליג פוגאַטשאָוו", איז די „פליג" אַרויס אין
מף. פוגאַטשאָוו האָט נישט געוואַרט, אַז דעקאָלאָנג זאָל
וף אים אָנפאַלן. אומגעריכט האָט ער מיט זיין ניי־אָרגאַ־

ניזשדער ארמיי אָנגעהויבן אַ שטורעם אויף דעקאָלאַגנן. דער
צאַרישער גענעראַל האָט געמוזט אָפּטרעטן. פּוגאַטשאָוו האָט
אים נישט נאָכגעיאָגט, נאָר זיך ווייטער פאַרפּעסטיקט
טשעליאַבינסק.

אָבער אָט איז ווידער אָנגעקומען דער גענעראַל
כעלסאָן. פּוגאַטשאָוו האָט אַרויסגעשיקט קעגן אים עטלעכע
פּולקן פון בלויז באַשקירן. די באַשקירן, וועלכע האָבן
געשוואוירן טרייהייט פּוגאַטשאָוון, האָבן געקעמפט מיט
העלדישקייט, אַז קיין איינער פון זיי האָט זיך לעבעדיקערהייט
נישט איבערגעגעבן אין געפאַנגענשאַפט.

דער קאַמף האָט זיך ווידער אַנגעהויבן. ס'האָבן
דער אָנגעהויבן צוקומען צו פּוגאַטשאָוון מחנות לייב-איינגענע
פּויערן און ערדלאָזע קאָזאַקן, זיין מחנה האָט זיך ווידער
אָנגעהויבן צו פאַרגרעסערן. דער בונט, וועלכן מ'האָט
האַלטן אין פּעטערבורג שוין פאַר אַ דערשטיקטן, פאַר
ליקווידירטן, האָט זיך ווידער גענומען—פונאַנדערפלאַקערן.
פּוגאַטשאָוו האָט ווידער אָנגעהויבן צו מאַרשירן און אויפן
וועג זענען צו אים כסדר צוגעשטאַנען אַלץ נייע און
אָנהענגער. זיינע נייע נצחונות האָבן ווידער אויפגעוועקט
מוט און האָפענונג ביי די פּויערן. „הייסט עס, האָבן
געטראַכט, אַז אונזער זאַך איז נאָך נישט פאַרשפּילט".

פילנדיק די שטימונגען פון די פּויערן, האָט פּוגאַטשאָוו
אַרויסגעלאָזט אַ נייעם „מאַניפעסט צום פאָלק". דער דאָזיקער
אויפרוף האָט געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג ביי די פּויערישע
מאַסן. פּוגאַטשאָוו האָט דאָרטן אַזוי געשריבן:

„די אונטערדריקער פון פאָלק צוזאַמען מיט דער
רין האָבן זיך פאַרנומען צו דערשטיקן דאָס פייער,
האָט אויפגעפלאַקערט אין די נשמות פון מיליאָנען

**יעקאטערינע האָט אַרויסגעשיקט אירע גענעראַלן, כּדי**
**אָפּצונעמען אייער פרייהייט און מאַכן פון אייך צו־**
**ריצישע הינט. לייב־אייגענע פויערן, קאָזאַקן, אָרעמע**
**וצ מענטשן, לאָזט אייך נישט צוריק אָנטון אויף אייערע**
קיין קייטן. ווען מען קומען צו אייך מאָנען שטייערן,
זיי איבערן קאַרק, ווייל די ערד געהערט צו אייך און
צו די פּריצים. איר באַאַרבעט זי מיט אייער שווייס
אַט האָט געגעבן די ערד נאָר פאַר די, וועלכע געבן
אָוועק ווייער מי און כּוח. פאַריאָגט די פּריצים, שלאָגט
פּעריגעס מיליטער און העלפט מיר, אייער צאַר־באַטיוש־
איינצופירן פרייהייט איף דער רוסישער ערד.
דער דאָזיקער אויפרוף צום פאָלק, וועלכער האָט דער־
ט אין אַלע פויערן־ווינקעלעך ביז צו דער וואָלגע, האָט
צאַרקט די באַוועגונג קעגן דער פּריצישער הערשאַפט.
א סך ערטער האָבן זיך געשאַפן פּאַרטיזאַנישע אָפּטיי־
גן פון די פויערן, וועלכע פלעגן אויף אייגענער האַנט
גלן די אָפּטיילונגען פון רעגירונגס־מיליטער, אונטער־
פּריצישע הויפן, נקמה נעמען פאַר די באַגאַנגענע
ת א._ד. גל. די דאָזיקע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען
זיך אָבער נישט געקאָנט פאַרייניקן מיט פּוגאַטשאָווס
ווייל דאָס רעגירונגס־מיליטער האָט זיי שטענדיק אָפּ־
לטן דעם וועג און אַזוי אַרום האָבן זיי נישט געקאָנט
קט קומען צו הילף זייער באַפרייער.
אָבער נישט געקוקט דערויף האָט פּוגאַטשאָוו ווידער
נהאַלטן איין נצחון נאָכן אַנדערן. יעקאַטערינעס גענע־
זענען געווען אַזוי דערשראָקן פון פּוגאַטשאָווס נייע
גות, אַז זיי האָבן געפאָדערט פון פּעטערבורג פרישע
**ער־אָפּטיילונגען. „מיר קאָנען זיך מיט דעם דאָזיקן**

טייוול קיין עצה נישט געבן", האָבן זיי געשריבן
וועגדונגען צו יעקאַטערינען, „ער העצט ווידער די
און זיי לויפן צו אים מחנותוו"ז. מען מוז קעגן אים
געבן אַ מיטל, וואָס זאָל מעגלעך מאַכן אַ פולשטענדיק
פון רעגירונגס-מיליטער".

אין פעטערבורג האָט מען אָפגעהאַלטן פאַרשידע
ראַטונגען, מ'האָט געזוכט מיטלען ווי אַזוי פטור צו
פון דעם „שרעקלעכן פייער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּ
לאַנד". יעקאַטערינעס פאַרטרויאונגס-מאַן, דער גראַף
האָט דאַן דערקלערט:

— מיר וועלן פוגאַטשאָוון מיט קיין שום מיל
שער קראַפט נישט באַזיגן. ער האָט אויף זיין זייט
פייערן, דאָס הייסט נײַנציק פראָצענט פון פאָלק. קעגן
וועט גאָרנישט העלפן, נישט קיין ביקסן און נישט
תליות. פוגאַטשאָוו איז דער קאָפּ פון דעם דאָזיקן
ווילן מיר, אַז דער בונט זאָל אָפּשטאַרבן, מוזן מיר אָ
דעם קאָפּ. מיר מוזן פאַר יעדן פרייז אַרײַנבאַקומען
טשאָוון אין אונזערע הענט.

— אָט דאָס ווילן מיר דאָך טאַקע. וואָס פאַר א
האָט איר דאָ אַנטדעקט? — האָט באַמערקט די צאַרין,
כע האָט אָנגעפירט מיט דער באַראַטונג.

— מיר ווילן עס, אָבער מיר האָבן נאָך ווייניק
אין דער דאָזיקער ריכטונג, — האָט פאַנין געענטפער
אָנשטאָט ריזיקע מיליטער-מחנות, אָנשטאָט גרויסע של
דאַרפן מיר טון איין קלייניקייט: מיר דאַרפן איבער
פוגאַטשאָווס נאָנטסטע מיטהעלפער. פאַר אַ גרויסער
געלט וועלן זיי אים אַרויסגעבן. איך פאַרזיכער איך.

— נעמט איר זיך אונטער די דאָזיקע אויפגאַבע דורכ־
? — האָט די צאַרין געפרעגט.
— יאָ. איך מוז אָבער איבערנעמען די אָנפירונג אי־
די מיליטערישע כוחות, — האָט פּאַנין געענטפערט. —
מוז צום ערשטן זיין אַליין דער בעל־הבית פון דער

— אויב אַזוי, באַשטים איך אייך אַלס אָנפירער איבער
מיליטערישע אָפּטיילונגען, וועלכע קעמפן קעגן פּוגאַ־
ן, — האָט יעקאַטערינע דערקלערט, — אָבער דערביי
איך אייך געבן פאָלגנדיקע עצה: איך האַלט, אַז פּוגאַ־
ס אַדיוטאַנטן זענען נישט אַזוי שנעל גרייט צו פאַר־
זייער האַר. זיי וועלן עס טון דאַן, ווען זיי וועלן
אַז פּוגאַטשאָוו ליידט צוריק מפּלות. ווען אַ פירער
אַ מפּלה אויפן שלאַכט־פעלד, פאַרלירן זיינע אונטער־
ע צו אים דעם דרך־ארץ. אַזוי איז שוין די מענטש־
טבע. דעריבער עצה איך אייך, אַז איר זאָלט לכתחילה
אָ פּוגאַטשאָוון אַ שטאַרקן קלאַפּ און אים ווידער אָנהויבן
אַלגן. אין דעם מאָמענט, ווען ער וועט ליידן אַ מפּלה,
איר שיקן אַ זיכערן מענטש אין פּוגאַטשאָווס לאַגער,
אַ ער זאָל צו פּוגאַטשאָווס מקורבים רעדן אַזוי: „אויב
ן, וועט אַרויסגעבן פּוגאַטשאָוון, וועט די רעגירונג אייך
צן דאָס לעבן און געבן אַ גרויסע באַלוינונג. ווען איר
נישט טון, דאַן וועט מען אייך אָנטון אַזעלכע לעבע־
צרות, אַז איר וועט בעטן אייך זיך דעם טויט, אָבער
אייער בקשה נישט אַנטקעגנקומען, נאָר מ׳וועט אייך
מאַטערן”. אין אַזאַ מאָמענט פון נידערגעשלאָגנקייט
מפּלה קאָנט איר זער לייכט געווינען אַ מענטשן.
עצה אייך דעריבער, חער גראַף, נאָר אַזוי צו האַנד־

פצן, וועט איר זיכער געווינען פוגאַטשאָווס אַדיוטאַנטן איער ציל.

— איך וועל אייך פאָלגן, מאַיעסטעט, ווייל אייער איז זער אַ קלוגע און איך בין פון איר פשוט איבעראַ האָט פאַנין, ווי זיין געוואוינהייט איז געווען, געגומען נען די צאַרין.

## דער פאַראַם

אין דער צייט, וואָס מ'האָט אין פעטערבורג געטר וואָס פאַר אַ נעץ מ'זאָל פאַרלייגן פאַר פוגאַטשאָוון, פדי צו פאַנגען, האָט פוגאַטשאָוו ווייטער מאַרשירט זיגרייך רויס. אונטערן דרוק פון די פאַרטיזאַנישע פויערן-גרופן פוגאַטשאָווס נייאָרגאַניזירטער אַרמיי, איז דאָס רעגירי מיליטער פסדר אָפּגעטרעטן. נאָך ביביקאָווס שחיטות די פויערן אויפגענומען פוגאַטשאָוון מיט אַזאַ פרייד, אַז צע מחנות לייב-אייגענע פויערן פלעגן קומען צו זייער פרייער און קניען און בוקן זיך פאַר אים, דאַנקענדיק מיט טרערן אין די אויגן פאַרן באַפרייען זיי פון ביביק בלוטיקער ממשלה.

— ס'איז געשען אַ נס פון הימל, — האָבן די פו גערעדט צווישן זיך. — ווען אונזער באַשיצער קומט נ ווידער, וואָלטן מיר דאָך אַלץ אומגעקומען פון די הענט ביביקאָווס תלינים.

אין יוני 1774 האָט פוגאַטשאָוו דערגרייכט ביז ק און אָן שום שוועריקייט פאַרנומען די שטאָט. אָבער עטלעכע וואָכן אַרום איז אָנגעקומען דער גענעראַל מי סאָן און צוריק אַרויסגעשטויסן פוגאַטשאָוון פון קא

טשאָוו האָט זיך דורכגעריסן דורכן מיכעלסאָנס אַרמײ
איז אַריבער די וואָלגע. ער האָט ווייטער מאַרשירט און
ן־טן אויגוסט האָט ער פאַרנומען די שטאָט פּענזאַ. די
וואוינער פון דער דאָזיקער שטאָט האָבן אים אויסגענו־
מיט געוואַלדיקער התלהבות. מ'האָט אים באַוואָרפן מיט
בּלען און פון אַלע פענצטער און געביידעס האָט מען צו
געשריגן: „זײַ געבענטשט, צאַר־באַטיושקאַ, זאָל דיך גאָט
היטן און שיקן אַ שטראָף אויף דער קייזערין, וואָס האָט
געוואָלט דערמאָרדן"...
דאָס פאָלק האָט נאָך פעסט געגלויבט, אַז פּוגאַטשאָוו
צאַר פּיאָטר דער דריטער.
פּוגאַטשאָוו האָט ווייטער מאַרשירט און צוגעקומען ביז
יצין. בײַ דער דאָזיקער שטאָט האָט ער אָנגעטראָפן אויף
סטאַרקן ווידערשטאַנד. ניט וועלנדיק אָפּשטעלן דעם
ס, האָט פּוגאַטשאָוו באַשלאָסן אויסצומיידן צאַריצין און
שירן ווייטער, כּדי צו באַקומען פאַרשטאַרקונגען פון די
רן, וועלכע זענען אומעטום צו אים צוגעשטאַנען. ער
צוגעקומען צו דעם שטעטל טשאָרני־יאַר. דאָ האָט
זיך צונויפגעטראָפן מיט אַ ריזיקער מחנה רעגירונגס־מי־
יקער, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורכן גראַף פּאָנין. פּו־
שאָווס אויסשפירער האָבן איבערגעגעבן, אַז די צאָל פון
פירונגס־מיליטער איז זער גרויס, אַז ביז איצט איז נאָך
ן פּוגאַטשאָוון ניט אַרויסגעשיקט געוואָרן אַזאַ ריזיקע
נטע סאָלדאַטן.
– טײַערע קינדער, העלדישע קעמפער, – האָט זיך
קאַטשאָוו געווענדעט צו זײַן חיל, – יעקאַטערינע האָט
ר ויפגענומען איר גאַנצע אַרמײ. זי וויל אונז געבן איצט
מיט־קלאַפּ. מיר שטייען ערב אַ שווערער שלאַכט. חעלן

מיר אומקומען, זאָלן מיר אומקומען מיט כּבוד, וועק
זינגן, וועט דאָס זיין אונזער ענדגילטיקער זיג. געז
מיינע טייערע קינדער, אַז די איצטיקע שלאַכט דאַרף
דירן וועגן אייער פרייהייט. וועגן דער פרייהייט פון
יאָנען פויערן. קעמפנדיק, זאָלט איר געדענקען, אַז ד
סישער פויער וועט געראַטעוועט ווערן, ווען איר ווע
און וועט איר פאַרשפּילן, וועלן אויף זיינע הענט ווי
געטון ווערן קייטן אויף לאַנגע יאָרן אַרויס. געדענק
דעם, העלדישע קעמפער מיינע!

די שלאַכט ביי טשאָרני יאַר איז געווען אַ גע
פאַרביטערטע. פוגאַטשאָווס סאָלדאַטן האָבן געקעמפ
אַזאַ פאַרביסנקייט, אַז פאַרוואונדעטערהייט, שוין אָפּגי
אין בלוט, האָבן זיי זיך נאָך אַלץ געשלאָגן. אָבער
האָט כּסדר באַקומען פאַרשטאַרקונגען, די צאָל פון רעגי
מיליטער איז געווען דרייפאַכיק גרעסער, ווי פוגאַטשאָוו

די שלאַכט איז געווען אַ פאַרשפּילטע. פוגאַ
אַרמיי איז געווען כּמעט אינגאַנצן צעקלאַפּט. זעקס
פון זיינע סאָלדאַטן זענען געניכטן געוואָרן אין גע
שאָפט. פוגאַטשאָוו האָט זיך מיט די צעקלאַפּטע רע
פון זיין אַרמיי געמוזט צוריקציען צוריק אויף דער אַנ
זייט פון דער וואָלגע.

אין פוגאַטשאָווס אַרמיי, ווי אין יעדער אָפּטרע
קער אַרמיי, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע צעמישו
סאָלדאַטן זענען געוואָרן באַהערשט פון אַ שטאַרקער אַ
און נידערגעשלאָגנקייט. פוגאַטשאָוו האָט ווידער צונוי
מען זיין מחנה אין סטעפּ און זיי גענומען אויפמונ
ער האָט ווידער נישט פאַרלוירן די האָפענונג, ער איז
ווי פריער געווען זיכער, אַז אים וועט געלינגען צו פּאָ

טיילונגען און ...יס די דאָזיקע נייע אָפּטיילונגען
ר ווידער נעמען מאַרשירן קיין קאַזאַן און סאַמאַרע.
טערנדיק זיינע סאָלדאַטן, האָט ער געזאָגט:
אַלע רוסישע פויערן זענען מיט אונז, אָבער נישט
אַרשטייען נאָך — און נישט אַלע האָבן דעם מוט צו
ט מיר אין דער שלאַכט. קינדער מיינע טייערע, צי
ניישט, אַז איצט וועלן מיר שוין זיכער זיגן! די
ן פון רעגירונגס-מיליטער, וועלכע זענען דאָך אויך
ע זין, וועלן זיך מער נישט וועלן שלאָגן, וועלן
שט וועלן שיסן אין זייערע אייגענע ברידער. מיר
ווי מאָל פאַרשפּילט, אָבער מיר האָבן אויך צוויי מאָל
איצט וועלן מיר ווייטער זיגן! איך וועל אַרויסלאָזן
ספּעסט צום גאַנצן רוסישן פאָלק און אים רופן צו מיר
די פליגלען פון דער פרייהייט, וואָס מיר ברענגען.
ל אים דערציילן, וואָס יעקאַטערינעס גענעראַלן טוען
פויערן, דאָס געשריי פון די געשטיקטע און גע-
ע מאַכט אויפציטערן די הימלען. גאַנץ רוסלאַנד וועט
פהויבן און ווי אַ שטורעמווינט וועט עס אָפּמעקן די
ס פון יעקאַטערינען, די ממשלה פון די פּריצים. ווייט
ידערגעשלאָגן, קינדער מיינע טייערע, זעט, ווי עס
ף פאַר אייערע אויגן דער נצחון פון פאָלק. מאָרגן
ן מיר ווידער!
ען ער האָט גערעדט, האָט זיין געזיכט געפלאַמט,
מיט דעם פייער-שיין פון דער אונטערגייענדיקער
אין די אויגן זענען אים געשטאַנען טרערן. איבערן
האָבן ברייט און ווייט אָפּגעקלונגען זיינע לעצטע
, וועלכע ער האָט חיך אויסגערופן: „מאָרגן מאַר-
פאָיר ווידער!“

די נאַכט האָט זיך, ווי אַ מחנה פלעדערמייז, אַראָפּ־געלאָזט איבערן סטעפּ. אין פּוגאַטשאָווס לאַגער האָט מען זיך געגרייט צו רוען. די סאָלדאַטן, מידע פון אַ גאַנצן טאָג לויפן, האָבן זיך אויסגעלייגט איבערן סטעפּ און איינגע־שלאָפן. בלויז די וואַכן זענען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף די ביקסן און אויך געדרימלט. איבערן סטעפּ איז געווען שטיל.

פּוגאַטשאָוו איז געלעגן אין זיין געצעלט און נישט געקאָנט איינשלאָפן. פאַרשידענע פּלענער האָבן זיך געוועבט אין זיין קאָפּ. ער האָט שוין אויסגעאַרבעט אין מח אַ נייעם פּלאַן פון אַ מאַרש. אויף זיין געזיכט האָט זיך באַוויזן אַ צופרידענער שמייכל.

אין אַ צווייט געצעלט זענען געזעסן פּוגאַטשאָווס נאָנטע מיטהעלפער: טשומאַקאָוו, טוואָראָגאָוו, פעדוליעוו, בירנאָוו און זשעלעזנאָוו. צוזאַמען מיט זיי איז געזעסן אַן איבערגעטוענער שליח פון פאַנינען. דאָס געשפּרעך איז שוין געווען כמעט געענדיקט. טוואָראָגאָוו און פעדוליעוו האָבן נאָך געציילט דאָס געלט, וואָס זיי און די רעשט אָנוועזנדע האָבן איצט באַקומען פון פאַנינס שליח. דער דאָזיקער שליח האָט איצט צעטיילט פינף און צוואַנציק טויזנט רובל צווישן די פינף מענטשן. אין יענער צייט, מיט הונדערטער און פופ־ציק יאָר צוריק, איז עס געווען אַ ריזיקע סומע געלט.

— מאָרגן, יאָ! — האָט דער שליח שטיל געפרעגט.

— מאָרגן. מאָרגן וועט ער שוין ליגן אַ געבונדע־נער... — האָט טוואָראָגאָוו געענטפערט.

— אָבער אונזער לעבן וועט זיכער ווערן געשוינט! — האָט טשומאַקאָוו געפרעגט.

— אייער לעבן ווערט געשוינט, איר באַקומט, חוץ

דער דאָזיקער סומע, אַ באַזונדערע באַלוינונג פון דער קי־
זערין, — האָט געענטפערט פּאַנינס שליח.

— אויב אַזוי, קאָנסטו שוין גיין... — האָט טשומאַקאָוו
שטיל אַ זאָג געטון און אַרויסגעפירט דעם שליח פון גע־
צעלט.

פאַרטאָג זענען טשומאַקאָוו, טוואָראָגאָוו און זשעלעזנ־
אָוו אַריינגעקומען אין פּוגאַטשאָווס געצעלט. פּוגאַטשאָוו איז
געשלאָפן. זיי האָבן באַפוילן דעם וואַך־סאָלדאַט, אַז ער זאָל
אַרויסגיין. דערנאָך האָט טוואָראָגאָוו אַרויסגענומען אַ פּעקל
שטריק און שטיל אַ זאָג געטון:

— נעמט אָן, איינער פאַרן קאָפּ און דער צווייטער —
פאַר די פיס...

פּוגאַטשאָוו האָט זיך אויפגעכאַפּט. אָבער איידער ער
האָט באַוויזן צו זיך צו קומען נאָכן שווערן שלאָף, איז ער
שוין געלעגן פעסט געבונדן.

— וואָס איז דאָס? — האָט ער אַ געשריי געטון, —
דו, טוואָראָגאָוו? דו, טשומאַקאָוו? מאַכט איר אַ שפּאַס?
ענטפערט, וואָס שווייגט איר? שטייט זשע נישט, ווי די
גולמס. רעדט, איז דאָס פאַרראַט, אָדער אַ שפּאַס?

— מיר ווילן לעבן און די פירסט אונז אויף אַ זי־
כערן טויט! — האָט, ציטערנדיק אינגאַנצן, געענטפערט טשו־
מאַקאָוו.

— מיר האָבן ווייבער און קינדער, ווילן מיר נישט
אומקומען צוליב דיינע קאַפּריזן... ווען פּאַנין וועט אונז
כאַפּן, וועט־ער אונז דאָך לאָזן פּערטלען... — האָט שטיל
גערעדט טוואָראָגאָוו.

— און אַזוי רעדן מיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער?! —
האָט פּוגאַטשאָוו אַ געשריי געטון און די אויגן זענען אים

אַרויסגעקראָכן פון די אויגן־לעכער. — האָב איך געהאַט געבן זיך אַזעלכע פּחדנים? אָבער ניין, איר זענט נישט קיין פּחדנים, איר זענט נאָך ערגער — איר זענט נידערטרעכטי־קע פאַררעטער! בינדט מיך אויף! — האָט ער גענומען שרייען מיט אַ ברומענדיק קול. — בינדט מיך אויף און לאָזט מיך אַריינשטעכן זיך אַ קינזשאַל אין האַרץ אַריין. איך וויל מער נישט צוזען די דאָזיקע חרפּה! די נאָנטסטע מיינע — פאַררעטער? די, וואָס האָבן צוזאַמען מיט מיר געפירט צו דער שלאַכט סוויונסטער גערייטע אָנהענגער מיי־נע — זענען פאַררעטער?! בינדט מיך אויף און לאָזט מיך שטאַרבן, ווייל מיינע אויגן וועלן אַרויסשפּרינגען פון קאָפּ, נישט קאָנענדיק צוזען די דאָזיקע חרפּה.

— מיר מוזן דיך איבערגעבן אַ לעבעדיקן... — האָט טוואָראָגאָוו שטיל געזאָגט.

— וועמען? וועמען? — האָט פוגאַטשאָוו ברייט אויפ־געריסן די אויגן און שווער געאָטעמט. — אַהאַ! אַהאַ! הינט, מיאוסע, קרעציקע הענט, פאַנינצן גייט איר מיך איבערגעבן? דעם דאָזיקן תלין פון רוסישן פויער? אָ, ווי איך וואָלט אייך איצט אויפגעגעסן אייערע פאַרשיווע העלזער!

ער האָט צוגעמאַכט די אויגן. אויף זיינע באַקן האָבן גענומען אַראָפּרינען טרערן און ער האָט צו זיך גערעדט: „גאָט, שיק אויף מיר אַראָפּ דעם טויט. לאָז מיך תיכף שטאַרבן, פייניק מיך נישט אַזוי!‟ דערנאָך האָט ער ווידער געעפנט די אויגן און מיט אַ ברומענדיק־קרעכצנדיק קול האָט ער אַ זאָג געטון:

— גייט אַרויס פון דאַנען, ווייל אייערע פּנימער עקלען מיך! לאָזט מיך שטאַרבן!

ער האָט אַ שפּיי געטון טוואָראָגאָוון אין פּנים אַריין און דערנאָך געבליבן ליגן מיט צוגעבּאָכטע אויגן.

אין פּוגאַטשאָווס לאַגער איז געוואָרן אַ ליאַרם. פּאַנינס אָפּטיילונגען האָבּן געמאַכט אַן איבּערפאַל. דעם דאָזיקן איבּערפאַל האָט פּאַנין געמאַכט בלויז צוליב דעם, כּדי צו באַקומען אין זיינע הענט פּוגאַטשאָוון. ער האָט שוין קיין קאַמף מער נישט געדאַרפט פירן, ער האָט שוין פּוגאַטשאָוון געהאַט אין זיין רשות. ער האָט באַזיגט פּוגאַטשאָוון מיט דעם שרעקלעכסטן געווער – מיט פאַרראַט.

פּוגאַטשאָוו איז איבּערגעפירט געוואָרן קיין מאָסקווע אין אַ שטייג, וועלכע איז געשטאַנען אויף אַ וואָגן. אויפן גאַנצן וועג האָט דער פירער פון אויפשטאַנד געמוזט אויסשטיין די ערגסטע און שרעקלעכסטע באַליידיקונגען. פּאַנין איז אַריין אין דער שטייג און האָט פּוגאַטשאָוון געפּאַטשט און געקאָפּעט פאַר די אויגן פון הונדערטער צוקוקער. דער באַליידיקטער קעמפער האָט זיך נישט געקאָנט רירן, ווייל ער איז געווען אין דער שטייג צוגעשמידט מיט קייטן. ער האָט בלויז אַ שפּיי געטון פּאַנינען אין געזיכט, ווען יענער האָט אים געפּאַטשט.

דעם 29־טן דעצעמבער 1774 איז איבּער פּוגאַטשאָוון פאָרגעקומען אַ געריכט. דאָס געריכט האָט אַרויסגעטראָגן אַזאַ אורטייל: פּוגאַטשאָוו דאַרף לעבּעדיקערהייט געפערטלט ווערן, דער קאָפּ דאַרף אַרויפגעשטעקט ווערן אויף אַ שפּיציקן דראָנג, די רעשט טיילן פון קערפּער דאַרפן פאַרבּרענט ווערן און דאָס אַש דאַרף צעשיט ווערן אויף אַלע פיר זייטן פון דער שטאָט.

דער אורטייל איבּער פּוגאַטשאָוון איז עפנטלעך אויסגעפירט געוואָרן אין מאָסקווע, דעם 10־טן יאַנואַר 1775. דער

תליו האָט אָבער אַ טעות געהאַט. אַנשטאָט צו פערטלען סי־
גאַסטאַוין לעבעדיקערהייט, האָט ער אים צום ערשטן אָפּגע־
האַקט דעם קאָפּ. דאָס פערטלען איז פאָרגעקומען שוין אי־
בערן טויטן קערפּער.

כדי עס זאָל נאָך סיגאַסטאַוין נישט בלייבן קיין זכר,
האָט מען די שטאָט יאַוואָר אָנגערופן איראַלכע און דעם
טייך יאַוואָק — „איראַ". יעדנפאַלס האָט געוואָלט אויס־
וואָרצלען יעדן שפּור נאָך סיגאַסטאַוין און דער סיגאַסטאַווי־
באַוועגונג אויף צענדליקער דורות אַרויס.

אָבער די געשיכטע האָט אונז באַוויזן, אַז די סיגאַ־
סטאַווי־באַוועגונג איז שווער געווען אויסצוואָרצלען...

ס ו ף.